משה ערעם

# די בלוטיקע לערע פון די פּאַלעסטינער געשעענישן



פּרייז 25 גראָשן

קאָאָפּ. פאַרלאַג „נייע קולטור“, וואַרשע

1929

## 1. אויף דער הייסער מינוט

פּאַלעסטינע רויכערט זיך נאָך אין בלוטיקן קאָשמאַר. פריש און אָפן זענען נאָך די קברים און ווונדן פון הונדערטער יידן און אַראַבער, וועלכע האָבן זייער לעבן מקריב געווען אויפן מזבח פון אויפגערייצטן נאַציאָנאַלן שגעון און אומזיניקן קעגנזייטיקן ברודער־מאָרד.

ווי גרויס עס זאָל אָבער ניט זיין דער שמערץ און פּיין, ווי טיף דערשיטערט עס זאָל איצט נישט זיין דער געמיט און געפיל, שטייט שוין הינטער אונז די גרויע טאָג־טעגלעכע ווירקלעכקייט און פאָדערט קאַלט און ניכטער אַן ענטפער אויף אַ ריי פראַגן.

פאַרוואָס איז אויסגעבראָכן די בלוטיקע שרפה? ווער איז שולדיק און ווער טראָגט די אחריות פאַר איר?

און וואָס וועט זיין מאָרגן? ווי וועלן זיך איינשטעלן די באַציונגען צווישן יידן און אַראַבער? צי איז מעגלעך געפינען אַ געמיינזאַמע שפראַך צווישן ביידע פעלקער, זענען זייערע אינטערעסן באמת קעגנזעצלעך איינער צום צווייטן, אָדער אפשר זענען ביי זיי פאַראַן בשותּפותע אינטערעסן?

נאַטירלעך, די יעניקע, פאַר וועמען דער פאַלעסטינע־געדאַנק איז אַ ביין אין האַלדז, די אַלע, וועמען עס מאַטערט און פייניקט כסדר דער פאַרשאָלטענער געשפענסט פון דער

יידישער איינוואַנדערונג, פונם יידישן אַרבעטער אויפקום און קאַמף אין פּאַלעסטינע — זיי אַלע האָבן שוין פון לאַנג אַ פּאַרטיקן ענטפער: „אין דער לעצטער שורה זענען שולדיק די יידן, די אַראַבער ווילן נישט די יידן, — דאַרפן זיך די יידן אָפּטראָגן פון פּאַלעסטינע".

מען זאָגט עס אַמאָל אָפענער, נאַקעט-גראָב, אַמאָל—פּאַר-שטעלטער, „פּאַרלאַמענטאַריש"-ווייך; דער זין בלייבט אָבער דער זעלבער. ס'איז שוין איינמאָל אַ חבורתא, דאָ האָט איר פון כל המינים: איר האָט דאָ דעם פּעאָדאַלן פּאָגראָם-איניציאַטאָר בכבודו ובעצמו, די ענגלישע רעאַקציאָנער־קאָנסערוואַטיווע פּרע-סע, די דייטשע „פּעלקישע", דעם יעווסעק, וואָס ליפערט „יידישע סחורה" אין דער „ראָטע פאַהנע" און די מיט „רחמנות" אָנגעפילטע בונדישע „פּאָלקסצייטונג".

זיי אַלע, אַלע ווי איינער נעמען זיך שוין, אויף דער הייסער מינוט, כל זמן ס'איז נאָך נישט צו שפּעט, צו וואַרימען ביים פייער פון די פּאַלעסטינער שרעק-טעג.

ווייל „אויב נישט איצטער — טאָ ווען זשע?"

לאָמירזשע טאַקע אויסהערן צוערשט די טענות, וועט דאַן אויך די תשובה זיין קלאָרער און פאַרשטענדלעכער.

## 2. ענדעקישע תורה — בונדישע סחורה.

דער „בונד" גיט אַ פּרומען קרעכץ. ער האָט „מיטלייד מיט די געפאַלענע און געליטענע אין פּאַלעסטינע". אָבער, נעבעך, „דאָס פאַרגאָסענע בלוט איז געגאַנגען לאיבוד", באשר „די אַראַבער וועלן זיך נישט לאָזן פאַרטרייבן פון פּאַלעסטינע און וועלן נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז יידן זאָלן ביי זיי

צונעמען די גאַנצע אָדער אַפילו אַ העלפט פון דער מאַכט אין לאַנד, וואָס זיי באַטראַכטן פאַר זייער אייגנס".

פאַרן „בונד", פונקט, ווי פאַר די אַראַבישע פעאָדאַלן, הייסט עס, איז לכתחילה קלאָר, אַז די יידן זענען געקומען „פאַרטרייבן".

דער „בונד" פאַרשטייט בכלל נישט, ווי אַזוי קען געמאָלט זיין, אַז יידן און אַראַבער זאָלן לעבן צוזאַמען אין פאַלעסטינע, ווען די אַראַבער ווילן „אַפילו אַ העלפט פון דער מאַכט" נישט געבן.

דער „בונד" ווייס, נאַטירלעך, אויסגעצייכנט, אַז די יידישע אינטערעסן און די יידישע איינוואַנדערונג זענען געווענדעט קעגן די אינטערעסן פון די אַראַבער.

דער „סאָציאַליסטישער" „בונד" ווייס אָבער נאָך זייער אינטערעסאַנטע זאַכן, אַ שטייגער, אַז די אַראַבער האָבן די מאַכט אין פאַלעסטינע און דאָס אַראַביש פאָלק איז, נאַטירלעך, אייניק אין ווילן, אין קאַמף און אין זיינע אינטערעסן. אַ פשיטא שוין, דער יידישער „ציוניסטישער" ישוב אין פאַלעסטינע, וווּ ס'הערשט פולע אחדות און שלום ביי „אַלע טיילן פון פאָלק". און ווײַבאַלד, אַז אַלץ איז אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך און אָפּגעפּסקנט, און די בונדישע פאַבריק-מאַרקע האָט אָפּגעשטעמפּלט די יידיש-אַראַבישע פראָבלעם, בלייבט איבער דעם אַלטן, קלוגיטשקן „בונד" נאָר איין זאַך: צוצושאָקלען רחמנותדיק מיטן קאָפּ איבער דעם „לאיבוד פאַרגאָסענעם בלוט", היות די אַראַבער האָבן אַ „ריזיקע מערהייט".

דער בונדישער פוקס פילט כלל נישט, אַז ער נעמט אין מויל גאָר, גאָר זויערע ענדעקישע ווײַנטרויבן. די ענדעקעס שרייען: פוילן איז בלויז פאַר פּאָליאַקן און „זשידזשי דאָ פּאַ-לעסטיני"! (יידן – קיין פאַלעסטינע!) דער בונד איז מעלה גרה: פאַלעסטינע איז פאַר אַראַבער, יידן – אַרויס פון פאַלעסטינע! מער נישט, די ענדעקעס זענען אויסן זייער אייגענע טובה,

זייער שליטה איבער די מאַסן, און דער „בונד" – ווי אַ טרייער משרת – מאַכט עס פון מצוה וועגן פאַר די אַראַבישע פעאָדאַלע „פּאַנעס".

קען דען נאָך נידריקער זינקען אַ פּאַרטיי, וואָס וויל שלאָגן קאַפּיטאַל פון אַזאַ ענדעקישער תּורה און וואָס שעמט זיך נישט אַרויסצוקריכן אויף דער אַרבעטער גאַס מיט אַזאַ פּאָליטישן דלות, ווען עס האַנדלט זיך וועגן פאַרשטיין און באַטראַכטן ערנסטע, פּאָליטישע, בלוטיקע פּראָבלעמען?

מיר קענען אָבער טרייסטן דעם „בונד": ער איז אויך אין אויסלאַנד נישט איינזאַם. די פעאָדאַלע כנופיא אין פּאַלעסטינע און דער ענגלישער קאָלאָניאַל-מיניסטעריום וועלן אים אויסשטרעקן אַ ברודער-האַנט: זייערע אינטערעסן און טענות, זייערע פּראָיעקטן צו לעזן די יידיש-אַראַבישע פּראָבלעם פאַלן צונויף מיטן בונדישן נוסח פּונקט ביי פּונקט.

## 3. פּאָגראָם-שפּעקוליאַנטן – יעווסעקישע העלדן.

אויב דער אַלטער אָפּאָרטוניסטישער בעל-עבירהניק – דער בונד – וויקלט זיך נאָך אין צביעות-קליידער, און מען מוז אים אַביסל צוקוועטשן צו דער וואַנט, כּדי ער זאָל רעדן קלאָרע דבורים, – איז אָט די טרחה פאַרשפּאָרט בנוגע דער יעווסעקציע אין איר אַקטיוו איז דאָ נישט בלויז „טעאָריע", נאָר אויך „פּרוּכטבאַרע" פּראַקטיק אין פּאַלעסטינע – לאַנג-יאָריקע דינסט-אַרבעט פאַר די גדולים און שפּיצן פון די היינטיקע פּאָגראָם-איניציאַטאָרן – מוסה-קאַזים פּאַשאַ, דזשעמאַל-אַל הוסייני, עמר-אַל-ביטער א. א. וו. די אַזוי גערופענע פּ. ק. פּ. (פּאַלעסטינער יעווסעקציע) איז אויסגעפורעמט און אויסגעקנאָטן אויף די הייוון פון דער, אויך אַזוי גערופענער, „נאַציאָנאַל אַראַבישער באַוועגונג".

פאַר ביידן איז יעדער יידישער איינוואַנדערער אין פּאַלעסטינע געווען, ווי אַ שניט אין האַרצן, יעדע נייע, דורך יידן אויפגע-שטעלטע פּאָזיציע אין פּאַלעסטינע – אַ קוואַל פון שנאה און האַס, אַ געשפּענסט, וואָס מוז אויסגעראָטן ווערן; יעדער דורכפאַל אָדער שוועריקייט – אַ מקור פון באַגייסטערטער פרייד. די נאַ-ציאָנאַל-אַראַבישע באַוועגונג איז דורך דער פּ. ק. פּ. באַטראַכט געוואָרן, ביז דער לעצטער צייט, ווי דער טרעגער פונם קאַמף קעגן ענגלישן אימפּעריאַליזם, ווי דער נאַטירלעכער זאַמל-פונקט פון די רעוואָלוציאָנערע באַפרייונגס-כוחות אין פּאַלעסטינע. אינם נאָמען פונם קאָמינטערן און קאָמוניזם האָט דעריבער פּ. ק. פּ. גערופן צו שטאַרקן די „נאַציאָנאַלע איינהייט" פונם אַראַבישן פאָלק, אָן אַ שיעור כוחות האָט זי געפּטרט אויף איינצושטעלן דעם שלום-בית צווישן די בריצים-עפענדיס און פאַרשקלאַפטע פעלאַכן, צווישן די אַרבעטער און אונטערנעמער, צווישן די אונטערדריקער און אונטערדריקטע, עקספּלואַטאַטאָרן און עקס-פּלואַטירטע. ווייל אַלץ איז געווען הייליק און כשר, אַבי צו קעמפן קעגן דער יידישער איינוואַנדערונג, אַבי צו ווייזן, אַז יידן און אַראַבער זענען שונאים איינער דעם אַנדערן. יעדער פּרווו צו אָרגאַניזירן די אַראַבישע אַרבעטער צוזאַמען מיט די יידישע פלעגט שענדלעך געשטערט ווערן דורך איר אומויפהער-לעכער העצע ביי די אַראַבישע אַרבעטער קעגן די „ציוניסטישע" אַרבעטער, הגם תמיד האָט זי געהאַט דערביי אַ פולן מויל מיט פּסוקים וועגן אינטערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזירונג. און נאָר דער נישטיקער השפּעה פון פּ. ק. פּ. אויף די אַרבעטער פון ביידע פעלקער איז צו פאַרדאַנקן די נישטיקע פּעולה פון אָט דער אַגיטאַציע. די כונה און די אַרבעט פון פּ.ק.פּ. בלייבן אָבער אויסגעברענט, ווי אַ קין-צייכן פון קלאַסן-פאַרראַט, ווי אַ שאַנד-פלעק, נישט אַראָפּצוווישן.

יאָ, אין דעם צובושעוועטן ים פון ווילדן, אומזיניקן נאַציאָנאַלן האַס, וואָס זאַמלט אַזאַ רייכן, בלוטיקן שניט, האָט אָבער די פּ. ק. פּ. אויך דאָ קיין ברעקל מזל נישט. פּלוצים אָקאָרשט נישט לאַנג האָט זי אין איין העלן מיטוואָך פייערלעך דערקלערט אין פּאַלעסטינע, אַז זי טרייסלט זיך אָפּ פון דער „נאַציאָנאַל-אַראַבישער באַוועגונג", וועלכע איז געוואָרן אַ „פּאַר-בינדעטער פונם אימפּעריאַליזם, אַ קאָנטר-רעוואָלוציאָנערער כּוח" א. אַז. וו.

מיטאַמאָל נאַ דיר! קומט איצטער די „ראָטע פאַהנע", בלי ספק אינסטרואירט פון דער יעווסעקציע, און באַגריסט האַרציק די זעלבע באַוועגונג אַלס באַפרייונגס-באַוועגונג! הייסט עס, יידיש פאַרגאָסענע בלוט האָט געכשרט דעם פעאָדאַלן ממזר?!

צו אַזאַ מאָס נידערטרעכטיקייט, טפשות און פאַרשוועכונג פונם רעוואָלוציאָנערן נאָמען האָט נאָך דאַכט זיך קיינער נישט דערגרייכט.

## 4. די תורה און מעשים פונם סאָציאַל-רעפאָרמיזם

אמת, די פּ. ק. פּ. איז נישט געוועזן איינזאַם אין איר שאָ-וויניסטישער אַרבעט. אין דווקא איצטער, ווען דאָס בלוט פון די געפאַלענע שרייט פון דער ערד, מוז געזאָגט ווערן דער פולער אמת: אחדות העבודה און הפועל הצעיר האָבן מיט זייער פּאָלי-טיק אויף דער יידישער גאַס צוגעגעבן קראַפט דער כּיסטעמאַ-טיש געוועבטער פּראָוואָקאַציע. אמת, זיי האָבן נישט געהעצט קיין יידישע אַרבעטער קעגן די אַראַבישע, אָבער אַקטיוו געאַר-בעט אויף פאַרפרעמדן און איזאָלירןביידע אַרבעטער-מחנות איינע פון דער אַנדערער — דאָס האָבן זיי גריילעך געטאָן. אויך זיי האָבן געפּרעדיקט און געלערנט, אַז יידישע

אַרבעטער מוזן זיין פאַרבונדן אויף לעבן און טויט מיט דעם יידישן נאַציאָנאַלן, ד. ה. בירגערלעכן כלל. „דאָס פאָלק מוז זיין איייניק, פאַרבונדן מיט בשותפותע נאַציאָנאַלע אינטערעסן!" און וויפל די יידישע בורזשואַזיע אין שטאָט און אין דאָרף האָט זיי נישט געשפּיגן אין פּנים אַריין, וויפל זי האָט נישט געלערנט בלק מיט דעם יידישן אַרבעטער הן ביי געבן אַרבעט, הן ביי פאָדערן מענטשלעכע אַרבעטס-באַדינגונגען, הן ביי זיכערן די אַנטוויקלונג פון די לאַנדווירטשאַפטלעכע קבוצות, הן אפילו ביי דער קולטור-אַרבעט—האָט עס אויף אַ האָר נישט געהאָלפן און גאָרנישט גע-לערנט די רעפאָרמיסטישע פירער. זיי זענען געבליבן טריי דער „נאַציאָנאַלער פאָן" און סיסטעמאַטיש געבראָכן און סאַבאָטירט יעדן פרווו אָנצושליסן די אַראַבישע אַרבעטער אָן דער אָרגאַני-זירטער יידישער אַרבעטערשאַפט. און מען דאַרף נישט פאַרגעסן: אַזוינע פרווון, מצד די אַראַבישע אַרבעטער, זיינען אויף דער איניציאַטיוו פון דער פועלי ציון פאַרטיי געמאַכט געוואָרן נישט איינמאָל. אין 1925 האָבן איבער 80 אַראַבישע סטאָליערס און מויערער געווענדעט זיך צו דער הסתדרות,—האָט מען זיי אָפּגע-שיקט מיט גאָרנישט. אין י. 1926 האָבן איבער 800 אַראַבישע אַרבעטער, אָרגאַניזירט דורך דער פאַרטיי, איבערגעשיקט דעם קאָנגרעס פון הסתדרות אַ מעמאָראַנדום מיט אונטערשריפטן און געבעטן, מען זאָל זיי אָרגאַניזירן, אַלס גלייכבאַרעכטיקטע חברים אין דער הסתדרות. האָט מען זיי אפילו נישט באַוויליקט צו געבן אַן ענטפער. אין 1927 האָבן אַ גרופּע אַראַבישע אַרבעטער אין נצרת, ווידער טאַקע לויט דער איניציאַטיוו פון דער פאַרטיי, געווענדעט זיך צו דער הסתדרות, — האָט מען צוגעבראָכן די איניציאַטיוו אין סאַמע אָנהויב; אין 1927 האָבן אַראַבישע שטרייקער אין חיפה אַפּעלירט צו דער הסתדרות. די לעצטע האָט אָבער אַרויסגעוויזן אַ קנאַפּן אינטערעס צו פירן אַנטשלאָסן דעם

קאַמף, און די אַקציע איז דורכגעפאַלן. דאָס זעלבע אין ירושלים מיט דעם בעקער-שטרייק אין 1928.

אומעטום און איבעראַל האָט מען זיך באַמיט צו שאַפן אַ מחיצה און געטוליעט זיך רק צום נאַציאָנאַלן בירגערטום. קענען און טאָרן דען אָט די אַלע פאַקטן און דערשיינונגען פאַרשוויגן ווערן איצטער, ווען מיר אַלע בלוטיקן אין צער און ווייטיק? ניין, אויף קיין פאַל נישט! דאָס פאַרגאָסענע בלוט טאָר נישט גיין לאיבוד, ווי דאָס וויל דער „כינד" צוליב זיינע חשבונות. איז דען נישט אונזער הייליקסטער און דרינגענדסטער חוב צו וואָרנען און פאַרלאַנגען פון דער הסתדרות אַ ראַדיקאַלע ענדערונג אין איר באַציאונג צו די אַראַבישע אַרבעטער? די יידישע אַ-וועלטלעכע אַרבעטערשאַפט, וועלכע ווייזט אַרויס לעצטנס אַלץ אַ גרעסערע אויפמערקזאַמקייט צום שאַפן און קאַמף פון דער פאַ-לעסטינער אַרבעטערשאַפט, מוז ברעכן אַנטשיידן מיט איר ביז-אַהעריקער קאַלטער באַציונג אָדער פלאַטאָנישער צושטימונג צו דער אַרבעט אין פאַלעסטינע. די אומווירדיקע שפּיל פון אָפּהיטן דעם פּרעסטיזש און סוווערעניטעט פון דער הסתדרות מוז ליקווידירט ווערן. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט פון גאָר דער וועלט האָט דאָס רעכט און דעם חוב צו זאָגן אַ דעה דער הסתדרות, צו פאַר-לאַנגען פון איר אַ דין וחשבון און אָנווייזן איר די פעלערן און חסרונות אירע. ווייל די טעמפּע און בלינדע נאַציאָנאַליסטישע פּאָליטיק גראָבט אונטער אַלץ, וואָס איז מיט אַזוי פיל מי און קרבנות געשאַפן געוואָרן דורך דער אַרבעטערשאַפט און פאַר דער אַרבעטערשאַפט, נישט בלויז אין פאַלעסטינע, נאָר אויך אין חוץ לארץ. און ווען די רעכטע, די ציוניסטישע פּאַרטייען ווערן איצ-טער, פּונקט ווי קיינמאָל גאָרנישט, ווידער מיטגעשלעפּט מיט דעם נאַציאָנאַליסטישן כלל-ישראל-שטראָם, און טונקען זיך ווייטער אין שאָוויניסטישער שיכרות, שרייען ווייטער וועגן די „היסטאָרי-

שע רעכט" „כּותל מערבי", איז עס אַ שרעקלעכער סימפּטאָם: די מענטשן מיינען אָפּקומען מיט אַ זכרות פאַר די געפאַלענע, ווייטער שפּאַנען מיטן יידישן בירגערטום, ווייטער אָפּשטויסן די אַראַבי־שע אַרבעטער, און אַזוי אַרום אַליין, מיט אייגענע הענט זאַמלען ווייטער פּולווער צו דער שרפה.

## 5. די ציוניסטישע היסטע־יקע.

„דאָס גאַנצע פאָלק טרויערט און באַוויינט די געפאַלענע העלדן — די קדושים", אַזוי שרייבט די ציוניסטישע פּרעסע. אודאי, בלויז דם שונאים פון יידן אָדער אומפאַרשעמטע סאַ־דיסטן קענען אָנקוועלן פון דעם פאַרגאָסענעם בלוט. אָבער זאָל זיך די ציוניסטישע בורזשואַזיע נישט פּרוּוון צו פאַרשטעקן איצטער הינטער דעם שוואַרצן טרויער־געוואַנט. אומזיסט מאַכט זי אַן אומשולדיקע מינע. האָט זי דען אַמאָל געטראַכט וועגן אַ פאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבער, אויב מען זאָל נישט רעכנען עטלעכע נאַרישע פּרוּוון צו געווינען און איינהאַנדלען פאַר זיך דעם אָדער יענעם אַראַבישן מיוחס? ניין, זי האָט ליבער געוואָלט זיין אַ מקורב און אַ לאָיאַלער העלפער פון דער ענגלישער אָקופּאַציע־מאַכט. זי האָט זיך פאַרלאָזן אויף דער באַלפור־דעק־לאַראַציע און געגלויבט, אַז אונטערן שוץ פונם ענגלישן אימ־פּעריאַליזם וועט זי קענען שפּילן איר נאַציאָנאַלע שפּיל. דער־פאַר איז זי טאַקע תמיד געווען טויב, בלינד און שטום צו יעדער נידערטרעכטיקייט און געמיינקייט, וואָס די מאַכט איז באַגאַנגען אין לאַנד. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז געווען פּאָליטיש אַ שפּילעכל אין די הענט פון ענגלאַנד און געהאַלטן אין איין פּרעדיקן מעסיקייט, מעסיקייט בנוגע דער רעגירונג. און אויב אין פּאַלעסטינע זענען פונדעסטוועגן נישט איינמאָל

געבראָכן געוואָרן די שיקאַנעס און שטער־פּאָליטיק פון דער מאַכט, איז עס צו פאַרדאַנקען נישט דער ציוניסטישער אָרגאַני־זאַציע, נאָר דעם דרוק און קראַפט פון דעם אויסגעוואַקסענעם ישוב, באַזונדערס פון די אַרבעטער.

פונקט ווי די אַראַבישע פעאָדאַלן, האָט אויך די יידישע בורזשואַזיע קולטיווירט נאַציאָנאַלן שאָוויניזם, געהיט, אַז די מאַסן זאָלן חס וחלילה נישט אָנשטעקן זיך מיט דער פעסט פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט, ווייל זי האָט אין דעם געזען די סכנה פון סאָציאַלן קאַמף, וואָס ווערט געריכטעט קעגן די עקספּלואַטאַטאָרישע גרופּן אויף דער יידישער גאַס.

לייענט מען די יידישע בירגערלעכע פּרעסע און אירע לאָזונ־גען פאַר ווייטערדיקער אַרבעט אין פּאַלעסטינע, זעט מען גלייך, אַז דער „נעגער וועט זיין הויט־פאַרב נישט בייטן", אַז, פאַרקערט, נאָך מער טעמפּ און קורצזיכטיק וועט מען שפּילן ליבע מיט ענגלאַנד, נאָך העכער און שרייענדיקער וועט ווערן דער שאָ־וויניסטישער געפילדער, און נאָך מער אונטערגעוואַרימט וועט ווערן די לופט צו איזאָלירן זיך פון די אַראַבער.

## 6. ציוניסטן, בונדיסטן, יעווסעקעס און רעכטע אויף איין שטריקל.

פיר יידישע פּאָליטישע גרופּן האָבן דורכמאַרשירט פאַרביי אונז. דאַכט זיך, אַזעלכע פאַרשידענע מחנות, און דאָך — ווי איינציק זענען זיי אַלע אין תּוך! איין געדאַנקן־גאַנג פאַרבינדט די גאַנצע קאַפּעליע, און ממש אַ ברודערלעכע איינשטימיקייט הערשט ביי זיי אַלעמען, ווי נאָר זיי רירן זיך צו צו דער יידיש־אַראַבישער פּראָבלעם.

אַלע פיר זענען קודם כּל מסכּים צווישן זיך, אַז אַ

פאָלק קען און דאַרף האָבן פּריווילעגיעס און רעכט אויף אַ לאַנד. אלא וואָס? דער בונדיש־יעווסעקישער פליגל האַלט שטאָל און אייזן פון די אַראַבישע רעכט און פּריווילעגיעס אין פּאַ־לעסטינע, און דער ציוניסטיש־אַחדותישער — פון די יידישע.

ביי אַלע פיר וועט איר קיין רמז אַפילו נישט געפינען וועגן דעם, אַז סיי די יידן, סיי די אַראַבער זענען אין פּאַ־לעסטינע איינגעטיילט אין סאָציאַלע קלאַסן מיט פאַרשידע־נע אינטערעסן. ניין, זיי ווייסן בלויז וועגן אַ „איינהייטלעכן אַראַבישן פאָלק" און וועגן אַ „איינהייטלעכן יידישן פאָלק".

ביי אַלע פיר גילטן דעריבער די הערשנדע, עקספּלואַ־טאַטאָרישע גרופּן, — די פעאָדאַלן און די בורזשואַזיע — אַלס די שליחי־ציבור, פאַרטרעטער, וואָרט־זאָגער און וועג־פירער פונם פאָלק. מעג עס אונז דינען אַלס נאָך אַ באַווייז, צום וויפלטן מאָל, וואָס פאַר אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע שונד און קליינקעפל־דיקע דעמאַגאָגיע עס ליגט אינם יסוד פון דעם „פּראָלעטאַריש־מאַרקסיסטישן" בונדיש־יעווסעקישן צווילינג.

## 7. נאַציאָנאַלע אָדער סאָציאַלע פּראָבלעם?

צי איז די יידיש־אַראַבישע פּראָבלעם באמת אַ נאַציאָ־נאַלע פּראָבלעם אין דעם זין, ווי מען וויל אונז איינשמועסן, אַז יידן און אַראַבער, יעדער געאייניקט, שטייען פראָנט קעגן פראָנט און קעמפן פאַר דער מאַכט?

אין דער אמתן איז די זאַך גאַנץ אַנדערש. אין פּאַלעס־טינע לעבן נישט קיין סתם יידן און נישט קיין סתם אַראַבער, נאָר יידישע און אַראַבישע אַרבעטער, פּויערים, בורזשואַזיע, פּריצים און פּלאַנטאַטאָרן, בעלי־מלאכות און אינטעליגענץ.

דאָס זענען פאַרשידענע סאָציאַלע גרופּן מיט פאַרשידענע

אינטערעסן, מיט אַ פאַרשידענעם לעבנס־שטייגער, מיט פאַר־שידענע ־וועגן און צילן, הגם די הערשנדע קלאַסן פון ביידע פעלקער צוזאַמען מיט „בונד" און יעווסעקציע ווילן אונז איינ־רעדן דעם היפוך דערפון.

אין פאַלעסטינע הערשן נאָך דערוויילט נישט די יידן, און נישט די אַראַבער, הגם „בונד" רעדט וועגן דער אַראַבי־שער „מאַכט". עס הערשט, און הערשט ברוטאַל דער בריטי־שער אימפעריאַליזם, וועלכער אונטערדריקט די גאַנצע אַרבעטס־באַפעלקערונג, אָן אונטערשיד פון נאַציע.

די יידישע איינוואַנדערונג, נאָך דער באַפור־דעקלאַראַציע, אָדער פאַר דער באַלפור־דעקלאַראַציע, האָט נישט געבראַכט קיין שום יידישע פריווילעגיעס אין לאַנד. אַנדערע האַלטן, אַז דאָס איז טאַקע שלעכט, (ווי די רעוויזיאָניסטן און בכלל דאָס יידישע בירגערטום), אַנדערע האַלטן, אַז ס'איז טאַקע רעכט אַזוי, — דער פאַקט בלייבט אָבער אַ פאַקט, אַז דוקא פאַר־קערט, דער יידישער איינוואַנדערונג קומט אָן מיט גרינער גאַל צו דערשלאָגן זיך גלייכע רעכט מיט אַלעמען אין פאַלעס־טינע. די איינציקע פריווילעגיע, וואָס דער ענגלישער אימפע־ריאַליזם האָט יאָ געשענקט די יידן, איז די רעכט צו צאָלן וואָס מער שטייערן.

די יידישע איינוואַנדערונג האָט אָבער יאָ געבראַכט אין לאַנד מענטשן און קאַפּיטאַל.

און דאָרטן, ווו ס'הויבט אָן צו באַלעבאַטעווען קאַפּיטאַל און נייע אַרבעטס־כוחות ווערן צוגעלייגט, קומט נאַטירלעך פאָר אַן איבערקערעניש אין דער ווירטשאַפט.

הונדערטער טויזנטער דונאַם באָדן, וועלכע זענען פריער געלעגן פוסט און וויסט, אָדער ווילד, פרימיטיוו באַאַרבעט, פאַר־זומפּט און פאַרפעסטעט פון מאַלאַריע, זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן

אין באַפּעלקערטע פּונקטן, ווו און אַרום וועלכע עס לעבן און אַרבעטן צענטליקער טויזנטער מענטשן, יידן און אַראַבער. דאָס לאַנד, וואָס האָט פריער נישט פאַרמאָגט קיין שום אינדוסטריע, האָט איצטער אַ פּאָר הונדערט פאַבריקס־אונטערנעמונגען מיט טויזנטער אַרבעטער. עס האָבן זיך געשאַפן אַ ריי נייע אַרבעטס־קוואַלן.

דאָס הייסט נאָך אָבער כלל נישט, אַז אין פּאַלעסטינע איז געוואָרן אַ רויקער גן־עדן, אַז אַלעמען האָט זיך דאָרט אָנגעהויבן לעבן ווויל און גוט. ניין, די יידישע איינוואַנדערונג האָט בלויז באַוויזן, וואָס פאַר אַ ברייטע מעגלעכקייטן פאַר לעבן און אַרבעט עס עפענען זיך אין פּאַלעסטינע.

די יידישע איינוואַנדערונג האָט ערשט רעכט געעפנט די אויגן אויף דער ביטערער קאַפּיטאַליסטישער ווירקלעכקייט און ממילא איז זי פון ערשטן טריט אירן געוואָרן אַ טרייבקראַפט פאַר דער פאַנאַנדערוויקלונג פונם סאָציאַלן קאַמף אין לאַנד.

געוויס, רייך און אָרים, עקספּלואַטירער און עקספּלואַטירטע זענען תמיד געווען אין פּאַלעסטינע; אָבער מיט דער יידישער איינוואַנדערונג איז אויסגעשמידט געוואָרן דער געווער, זענען פאַרלייגט געוואָרן די רעאַלע פעסטע יסודות פאַר דעם האַסטיקן טעמפּאָ, פאַר די אויסזיכטן און דערפאָלג פונם קאַמף.

וויל מען דעריבער פאַרשטיין די יידיש־אַראַבישע פּראָבלעם, מוז מען זיך באַקענען מיט די אָביעקטיווע אינטערעסן און באַציונג צו איר מצד די באַזונדערע סאָציאַלע גרופּן.



## 8. די פעאָדאַלן.

פריצים, גוט-באַזיצער, הויכע כלי-קודש, מיוחסדיקע משפחות, ביזאהעריקע באַלעבאַטים-הערשער אין לאַנד. פאַר זיי איז די יידישע איינוואַנדערונג באמת געווען אַ קלאַפּ. די יידישע קאָלאָניזאַציע האָט זיי טאַקע געצאָלט גראָבע געלט פאַרן איינגעקויפטן באָדן, וועלכער איז נישט זעלטן געווען אַ בפירושע וויסטעניש. אָבער וואָס ווייטער איז דאָ די סכנה, אַז אפילו אָט די איינציקע טובת הנאה פון דער יידישער איינוואַנדערונג זאָל אויפהערן: דער יקרות אויף באָדן, די לאַנגע, אַמאָל יאָרן-לאַנגע פאַרצויגענע פאָרמאַליטעטן צו באַקומען דעם „קושאַן" (די אייגנטום-רעכט), די שטענדיקע סכסוכים און אַמאָל נישט געוווּנטשענע און שעדלעכע קאָמפּליקאַציעס מיט די ווייניקע פעלאַכישע משפחות אָדער בעדוינישע שבטים, וואָס באַוווינען דעם באָדן, — דאָס אַלץ שטויסט די יידישע קאָלאָניזאַציע צו פאָדערן גרינטלעכע ענדערונגען אין די באָדן-פאַרהעלטנישן. די יידישע קאָלאָניזאַציע שטעלט אַרויס די פּ אָ ל י ט י ש ע פאָדערונגען פון אומזיסטן, אָדער ביליקן רעגירונגס-באָדן, ווי אויך באַגרענעצן די אייגנטום-רעכט דורך ספּעציעלע שטייערן אויף פרייע, נישט באַאַרבעטע באָדנס, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן לשם ספּעקולאַציע. נאַטירלעך, אַז אָט די פּראָגראַם טרעפט גאָר שטאַרק די פעאָדאַלן.

די יידישע קאָלאָניזאַציע איז אויך נישט קיין גוטער ביישפּיל פאַרן אַראַבישן פעלאַך, וועלכער זעט פאַר זיך אַ מאָדערנע פויערישע ווירטשאַפט און מענטשן, וועלכע בויגן זיך נישט הכנעהדיק פאַרן פריץ. דער פעלאַך זעט צו, ווי דער עפענדי, דער גוט-באַזיצער ספּעקולירט מיטן באָדן, אָפּטמאָל מיט זיין באָדן, אויף וועלכן ער זיצט ווי אַ כּאַראַט (פּאַכטער). דער אונ-

טערשיד צווישן זיין דחקות און דעם עפענדיס ווילטאָג וואַרפט זיך אים אין די אויגן, און ווי נישט פינסטער ער איז נאָך, הייבט שוין אָן ביי אים וועקן זיך דער חשק צו באַפרייען זיך פונם פריצישן יאָך. און דער יאָך איז טאַקע שווער: גאַנצע דערפער זענען אָפט פשוט פאַרשקלאַפט ביים פריץ, וואָס איז גלייכצייטיק אַ וווכערער.

די סכנה איז אָבער נאָך גרעסער: די יידישע ארבעטער „פאַרדאַרבן" פשוט די לופט אין פאַלעסטינע. ביז אַהער איז געוועזן שטיל און רוהיק,—זענען געקומען די יידן, די „רעוואָלו-ציאָנערן", די „באָלשעוויקעס", און עס איז געוואָרן לעבעדיק: שטרייקן, קאָנפליקטן, פאַדערונגען, אָרגאַניזאַציע, אַגיטאַציע, דעמאָנסטראַציעס, 1-טער מאי א.א.וו. און דאָס לאַנד קאָכט תמיד ווי אַ קעסל. מאָרגן, איבערמאָרגן וואַרפט זיך די פעסט אַריבער אויף דער אַראַבישער גאַס, און דאַן פלאַצט די גאַנצע הונדערט-יאָריקע געביידע, וואָס האָט זיך געהאַלטן אויף הכנעה פון איין זייט און אויף אַ פעסטער געוואַלט פון דער צווייטער זייט.

די יידישע אינדוסטריעלע בורזשואַזיע פאַרענדיקט נאָך דעם פעאָדאַלן חורבן: זי דואָט צונעמען ביי די פעאָדאַלן די עקאָנאָמישע העגעמאָניע (איבערהאַנט) אין לאַנד, ווייל זי טיילט אויס פון זיך נייע קאַדרען מיט רייכע קעשענעס און גרויסע פרעטענזיעס. פונקט אַזוי פאַרשטייען די פעאָדאַלן, אַז פּ אָ ל י ט י ש זענען די פּאָזיציעס זייערע אויך אין סכנה, ווייל די יידישע הערשנדע גרופן פאָדערן אויך אַ חלק, און אַ בכבו-דיקן חלק, ביי דער רעגירונגס-שיסל.

וואָס טיפער דער קאַפּיטאַליזם שניידט זיך אַריין אין לאַנד, אַלץ צעשפליטערטער און שוואַכער ווערט דער פעאָדאַליזם אויך אינעווייניק: גרופן און שיכטן טיילן זיך אויס אַלס אינדוסטריעלע בורזשואַזע גרופן, וואָס באַקומען שוין אַנדערע אינטערעסן.

גיבן מיר נאָך צו די סכּנה צו פאַרלירן די גייסטיקע השפּעה אויף די מאַסן, ווערט אונז שוין דאַן קלאָר, ווי טיף קעגנזעצלעך עס זענען די אינטערעסן פון די פעאָדאַלן און פון דער יידישער איינוואַנדערונג.

פירט טאַקע דער פעאָדאַלער לאַגער פון אַלע יאָרן אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן די יידן. און וואָס אַ יאָר ווערט די לאַגע ערגער: כּסדר באַדראָט פון דרויסן דורך דער יידישער איינוואַנדערונג, אַטאַקירט פון אינעווייניק דורך דער וואַקסנדער כּלערליי אָפּאָזיציע, געפאַלן פּאָליטיש ביי די מאַסן, איז דער פעאָדאַלער כּנופיא געבליבן איין אויסוועג: לאָזן אין גאַנג קעגן די יידן, קעגן דעם מקור פון בייז, דורך דעם העכסטן מוסול-מענישן ראַט, די רעליגיעזע גיפט-באָמבע. ס'איז געווען דער איינציקער פונקט, וווּ די גרופּן-אינטערעסן זענען נישט בולט און וווּ עס איז מעגלעך געווען, אַדאַנק דער אָפּגעשטאַ-נענקייט פון די מאַסן, אייניקן זיי נאָך אַ געהעריקער צוגרייטונג קעגן די יידן. די רעזולטאַטן זענען באַוווּסט: בלוט און קברים פון יידן און אַראַבער האָבן געקרוינט די פאַרצווייפלטע אָנ-שטרענגונג פון דעם גוססדיקן פעאָדאַלן לאַגער.

## 9. דאָס פּויערטום.

אַראַבישע פעלאַכן זענען אָקאָרשט באַפאַלן מיט מעסערס און ביקסן די יידן. ווען מיר זיי באַשולדיקן? זענען באמת זייערע אינטערעסן קעגנזעצלעך צו דער יידישער איינוואַנדערונג? אָבער איז פאַראַן אַן אַנדערער, אַ ווירקלעכער שׂונא פונם פעלאַך? די פּויערישע ווירטשאַפט, ווי יעדער ווירטשאַפט, האָט אַ באַשטימטן אינטערעס: זיין רענטאַבל, ד. ה. זי זאָל זיך לוינען. און דער ערשטער תּנאי דערצו, איז — אַ וואָס ברייטערער

אָפּזאַץ-מאַרק. די יידישע איינוואַנדערונג האָט אַריינגעבראַכט אין לאַנד צענדליקער טויזנטער מענטשן מיט אייראָפּעישע לעבנס-באַדערפֿנישן. עס איז אויסגעבויט געוואָרן תּל אביב, אויסגעוואַקסן חיפה, ירושלים, פֿאַרדאָפּלט און פֿאַרפילפֿאַכט איז געוואָרן די באַפֿעלקערונג אין די פּלאַנטאַציע-קאָלאָניעס. גענוג איבערצוקוקן דעם וווּקס פֿון די לאַנדווירטשאַפֿטלעכע פּראָדוקטן און פֿון די פּרייזן פֿאַר די לעצטע יאָרן כּדי איבערצייגן זיך אין דעם פּשוטן אמת, אַז די פֿעלאַכישע ווירטשאַפֿט איז געוואַקסן, און נישט געקוקט אויף דער רעגירונגס פּאָליטיק אויך סטאַביליזירט, פֿאַרפֿעסטיקט געוואָרן. און אַ מערקווירדיקע זאַך: דווקא די תּבֿואות, וועלכע ווערן ווייניקער געברויכט פֿון דער אייראָפּעישער, יידישער באַפֿעלקערונג (דוראַ, גערשטן) זענען געפֿאַלן. אַנדערש האָט עס דאָך נישט געקענט זיין: די שטאַרקע פֿאַרברויכס-קראַפֿט פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין פּאַלעסטינע, וועלכע באַנוצט מילך, פּוטער, קעז, אייער, גרינס, עופֿות און פּרוכטן, האָט געשאַפֿן די טרייב-קראַפֿט פֿאַר דער אויסברייטערונג פֿון דער אַראַבישער פּויערישער ווירטשאַפֿט. און וואָס גרעסער די איינוואַנדערונג, אַלץ גרעסער ווערן די פּערספּעקטיוון פֿאַר אָט דער ווירטשאַפֿט. פֿון דער צווייטער זייט האָט אָבער אויך די יידישע אינדוסטריע אַ גאָר גרויסן אינטערעס צום גורל פֿונם אַראַבישן פֿעלאַך. די יידישע אינדוסטריעלע בורזשואַזיע זוכט אויך אַן אָפּזאַץ-מאַרק פֿאַר אירע סחורות, פֿאַר די פֿאַבריקאַטן. זי דאַרף האָבן דעם אינערלעכן מאַרק, אָבער די פֿעאָדאַלע פּענטעס בינדן דעם פּויער די הענט און די פֿיס. ער איז פּשוט נישט אימשטאַנד צו קויפֿן, ער באַנוגנט זיך מיט אַ פּתּה (אַ מין מצה) און אַ ביסל געקעכץ צו עסן און מיט אַן אַבאַיע (אַ ברייטער מאַנטל-כאַלאַט) צום אָנטאָן און שלאָפֿן. די פֿראַגע פֿון הייבן די קויפֿס-

קראַפט ביים אַראַבישן פויער איז גאָר נישט אַזאַ מינדערווערטיקע פאַר דער יידישער אינדוסטריעלער בורזשואַזיע. נאַטירלעך, קלערט זי דערביי נישט וועגן דער טובה פונם פויער, נאָר וועגן דעם אייגענעם פראָפיט. אָבער פּאָליטיק בלייבט פּאָליטיק, און געשעפט איז געשעפט. איר אינטערעס דיקטירט איר צו קעמפן פאַר אַזוינע אַגראַר־רעפאָרמען, וועלכע זאָלן באַפרייען דעם פויער פונם פעאָדאַלן יאָך, כדי צו האָבן אים אַלס קאָנסומענטן. אָט די אינטערעסן פאַרבינדונג צווישן דעם פויער און דער אינדוסטריעלער בורזשואַזיע איז כאַראַקטעריסטיש נישט בלויז פאַר פּאַלעסטינע. איבעראַל, ווו דער בורזשואַזיע קומט אויס צו ראַנגלען זיך מיטן פעאָדאַליזם, טרעט זי אַרויס צוערשט אַלס פאַרבינדערטער און „בעל טובה" פונם פויער. אומעטום קומט אָבער פאָר אָט דער געמיינזאַמער קאַמף קעגן דעם פעאָדאַלן שונא האַסטיקער, לייכטער, ווייל דאָס פויערטום און די בורזשואַזיע געהערן צו איין נאַציאָנאַלער גרופּע, וועלכע רעדט אויף איין שפּראַך, האָט געמיינזאַמע קולטור־און סביבה־פאַרבינדונגען. אומעטום הערשט דערפאַר נאָך אַ וויכטיקע טענדענץ, וואָס טרייבט די בורזשואַזיע צום קאַמף פאַרן פויער: ס'איז דער ווילן צו האָבן אַ ביליקע שפּע פון אַרבעטס־הענט און דאָס באַפרייען דעם פויער פון די פעאָדאַלע פּענטעס גייט האַנט ביי האַנט מיט דער רואינירונג פונם פויער, מיט זיין פאַראָרימונג, וואָס דאַרף אים צווינגען צו ווערן אַ קעגנשטאַנד פון שענדלעכסטער עקספּלואַטאַציע.

די יידישע בורזשואַזיע אין פּאַלעסטינע וואָלט אויך זיכער געהאַט גרויס חשק אויסצופירן טריי אָט די דאָפּלטע היסטאָרישע שליחות אירע, אַלס בורזשואַזיע. די פּאַלעסטינער באַדינגונגען פאַרשווערן אָבער אָט די מעגלעכקייט. דער אַראַבישער פעאָדאַליזם נוצט נאָך אויס געשיקט די נאַציאָנאַלע פאַרב, כדי צו

דערוויטערן די סכנה פון אַ פויעריש-אינדוסטריעלן בונד. און דאָס וויכטיקסטע: די פּאַרטיקע יידישע אַרבעטס-רעזערוון, וועל-כע קומען פון חוץ לארץ און קעמפן פאַר העכערע אַרבעטס-באַדינגונגען, דערלויבן ניט דער בורזשואַזיע צו פאַרשפּיצן איר אויפמערקזאַמקייט אויף דער ביליקער אַרבעטס-קראַפט פונם אַראַבישן דאָרף.

אַזוי אַרום ווערט די יידישע אַרבעטס-קראַפט אַ פאַקטאָר, וואָס פאַרלאַנגזאַמט און טעמפּט אָפּ די פּאַראָרימונג פונם אַראַבישן פויער, הגם זי באַזייטיקט איר נישט, נאַטירלעך. דאָס אַראַבישע פויערטום איז שוין אויך נישט פון איין גוס: פאַראַן פויערים רייכע, פאַראַן מיטעלע און פאַראַן אָרעמע, וואָס האָבן אַ שוואַכע באַלעבאַטישקייט, און אויך אַזוינע, וואָס האָבן כמעט גאָרנישט. אויך אָט די לעצטע עלעמענטן זעען פאַר זיך צוויי נישט גלייכע דערשיינונגען: אין די יידישע קאָלאָניעס, ווו זיי געפינען אַרבעט אין די טויזנטער, ווי נידעריק עס זאָל נישט זיין דער אַרבעטס-לוין, איז ער דאָך העכער, איידער אין אַראַבישע, און דער אַרבעטס-טאָג איז קירצער. פאַרוואָס? ווייל האַנט ביי האַנט אַרבעטן יידישע אַרבעטער מיט העכערע פאָדע-רונגען, פּראָפעסיאָנעל-אָרגאַניזירטע. טרעפן טאַקע נישט איינמאָל ציטן, ווען אין די אַראַבישע פּריוואַטע פּלאַנטאַציעס פעלן אויס אַרבעטס-הענט, ווייל די אַראַבישע אַרבעטער גייען אַוועק אין רחובות און נס-ציונה. די יידישע לאַנדווירטשאַפט האָט אָבער אָביעקטיוו געהאַט נאָך אַ פּעולה: דער אַראַבישער באַטראַק, וועלכער האָט נאָך נישט איבערגעריסן זיינע פאַרבינדונגען מיטן באָדן, האָט די אָפּגעשפּאָרטע געלט פון לוין-אַרבעט אינוועסטירט אין זיין שטיקל נחלה און צוריק אַוועק צו דער סאָכע. אָט איז איינע פון די סיבות (און לחלוטין נישט דער „כבוש העבודה"— דאָס „איינגעמען די אַרבעט", ווי די סאָציאַל-שאָוויניסטן ווילן)

פאַרוואָס עס ווערט נישט גרעסער איצטער די צאָל אַראַבישע אַרבעטער אין די קאָלאָניעס, הגם די לעצטע וואַקסן, און פאַר וואָס די אַראַבישע דערפער אַרום אָט די קאָלאָניעס זענען בעסער געשטעלט, איידער אַנדערע אַראַבישע דערפער.

דאָס אַראַבישע פויערטום ווערט אויך בהדרגהדיק אריינגעצויגן אין דעם פּאָליטישן קאַמף פון לאַנד קעגן דער רעגירונג. האָט ביי האַנט נעבן אים אַרבעטן און מאַטערן זיך יידישע פויערים, פונקט אַזוי געדריקט פון דער רעגירונג און געשטיקט פון דעם שווערן שטייער־יאָך — „עשור", „ווערקאָ" (אַזוינע שטייערן) א. אַז. וו. איין שווייס־און בלוט־פאַרבינדט זיי. און יעדער צוגעקומענער יידישער לאַנדווירטשאַפטלעכער ישוב, וואָס ווערט אויסגעפראַצעוועט מיטן פּרייז פון פיבער און הונגער־לעבן, קומט צו ווי אַ נייער פעסטער רינג אין דער גרויסער פויערשער קייט, די קייט, וואָס איז באַרופן מיט רער צייט צו דרעשן און צושמעטערן דעם פעאָדאַל־אימפּעריאַליסטישן געוואַלט־רעזשים אין לאַנד דורך דער קאָנפיסקאַציע פון אַלע פּריצישע און „הייליקע וואַקוף־באָדנס".

די אינטערעסן פון אַ־אַבישן פעלאַך זענען נישט בלויז נישט סותר די אינטערעסן פון דער יידישער איינוואַנדערונג, נאָר פונקט פאַרקערט, די יידישע איינוואַנדערונג האָט אים געגעבן אַן עקאָנאָמישן אָנשפּאַר, באַוואָפנט מיט כלי־זיין פון אַ סאָציאַל־אויסגעוואַקסענעם כוח, געגעבן פאַרבינדעטע און אַרויסגעפירט אויפן ברייטן שליאַך פונם פּאָליטישן קאַמף.

## 10. אין דעם לאַגער פון דער בורזשואַזיע

מיט די פעאָדאַלן האָט זיך די יידישע איינוואַנדערונג גלייך פון אָנהויב אָן געטראָפן, ווי מ׳ט אַ פיינט: ווייל טיף און

קאָנקורענצלעך זענען לכתחילה געווען זייערע אינטערעסן. דאָס אַראַבישע פויערטום — דער היסטאָרישער שונא פונם פּעאָדאַלן גרונט-באַזיצער — האָט מיט דער יידישער איינוואַנדערונג באַקומען אַ שטיק-פּונקט, הן אַלס פּראָדוצירער — דעם אויסגעברייטערטן מאַרק, — הן אַלס קאָנסומענט — דער קאַמף פון דער יידישער אינדוסטריע פאַר אַ קויפּס-פעיקן פויערשן אינערלעכן מאַרק, — הן אַלס פּאָליטישער פאַקטאָר, אַ דאַנק דער פאַרבינדונג מיט דעם מער-קולטורעלן און פּאָליטיש-באַוווּסטזיניקערן יידישן פויער. אַנדערש איז די פּאָזיציע פון דער בורזשואַזיע. די בורזשואַזיע פון ביידע פעלקער האָט זיך געטראָפן פנים אל פנים צוערשט אויף אַ מער ווייניקער נייטראַלן באָדן. די יידישע אינדוסטריע איז על פי רוב נישט אַנטשטאַנען אַלס קאָנקורענץ-אינדוסטריע צו דער אַראַבישער, ווייל די לעצטע איז איבערהויפּט נאָך כמעט נישט געווען בנמצא. „נשר“, „לאָדזיא“, „סיליקאַט“, פאַבריק שטיין, די יידישע דרוקערייען, האָלץ-אינדוסטריע און שפּעטער רוטענבערג, זענען געקומען אויף אַ ליידיקן, נישט-פאַרנומענעם פּלאַץ. אפילו „שמן“, די „גרויסע מילן“ א. א. האָבן געמוזט פאַבריצירן פּראָדוקטן, וועלכע לויט זייער קוואַליטעט, האָבן זיך נישט געפונען אין לאַנד. פאַרקערט, די טאַבאַק-אינדוסטריע, וועלכע איז געווען נאָך פריער אַנטוויקלט ביי די אַראַבער, איז געבליבן בעיקר אַן אַראַביש-עגיפּטישע אינדוסטריע אין „מאַברוק“, „מאַספּעראָ“ זענען פאַרבליבן די הערשער אויפן מאַרק, באַזונדערס „מאספּעראָ“, וועלכער האָט זיך צוגעפאַסט צום יידישן פאַברויכער, אַזוי גוט, ווי די יידישע אינדוסטריע פאַסט זיך צו צום אַראַבישן.

אַ פאַרקערטע דערשיינונג זעען מיר אינעם האַנדלדער אַנגראָ - האַנדל. דער עיקר דער האַנדל מיט אויסלאַנד, איז נאָך קאָנצענטרירט עד היום ביי די אַראַבישע

האַנדלס-שיכטן און די איינגעזעסענע יידישע קרייזן. אַט די פאַרהעלטנישמעסיקע אָפּגעשלאָסנקייט האָט אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעשוואַכט די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ-טענדענצן, וועלכע זענען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער בירזשואַזיע. נאַטירלעך, וואָס ווייטער ענדערט זיך די לאַגע אין דעם פּרט: די אַראַבישע בורזשואַזיע אינדוסטריאַליזירט זיך, פונקט ווי די יידישע רייסט זי זיך צו באַטייליקן אין דעם האַנדל. אָבער די מאָנאָפּאָל-לאַגע פון ביידע צדדים אין זייערע געביטן צווינגט זיי ביידן צו זוכן אַן אויסוועג נישט אַזוי אין דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ, ווי ביידע קענען געשלאָגן ווערן, נאָר אין אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנסאָלידאַציע, וואָס פאַרקלענערט די ריזיקע ביים אַרויסיאָגן רוח. זעען מיר טאַקע, ווי אַ ריי אימפּאָרט אונטערנעמונגען און קרעדיט-אַנשטאַלטן אין יפו און חיפה ווערן צונויפגעבונדן, ווי עס אַנטשטייט דער געדאַנק אין ירושלים צו פאַרייניקן אַלע יידישע און אַראַבישע בוי-אונטערנעמער אין איין אָנפירנדיקע צענטראַלע.

אָבער אויך פּאָליטיש ווערט די יידישע און אַראַבישע בורזשואַזיע געטריבן זייער אָפט צו האַנדלען געמיינזאַם, באַזונדערס קעגן דער רעגירונג, וועלכע פּראָטעזשירט די ענגלישע פאַבריקאַנטן, לאָזט נישט פונאַנדערוואַקסן זיך דער אָרטיקער אינדוסטריע, וויל נישט פאַרביליקן דעם טייערן פּראַכט, בויט נישט קיין האַנדלס-וועגן, גיט קיינע פּריווילעגיעס דער „היימישער" אינדוסטריע א. א. וו. אַזוינע בשותּפותדיקע אַרויסטרעטונגען זענען נישט איינמאָל געמאַכט געוואָרן פון די אַראַביש-יידישע האַנדלס-קאַמערן אין יפו, חיפה און ירושלים.

און נאָך זייער אַ וויכטיקן בשותּפותדיקן אינטערעס האָט דאָס יידישע און אַראַבישע בירגערטום: דעם געמיינזאַמען קאַמף קעגן

די אַרבעטער, קענען זייער אָרגאַניזירונג און זייערע פאָדע־רונגען.

דער לעצטער בייִשפּיל אין ירושלים, בעת דעם בעקער־שטרייק, ווען איינס און צוויי האָבן די אַראַבישע און יידישע אונטערנעמער געשלאָסן אַ פעסטן ברודער־בונד, איז דער בעסטער באַווייז דערצו. נאַטירלעך, ס׳וואָלט געוועזן נאַיוו צו גלויבן, אַז די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ וועט נישט שפּילן קיין ראָל אין די באַציונגען פון ביידע בירגערלעכע גרופּן. אַזאַ טייער געוועער צו איזאָלירן די אַרבעטס־מאַסן און אונטערשטעלן אַ פיסל איינער דעם אַנדערן, לאָזט מען נישט אַרויס פון האַנט. אָבער ס׳איז קיין ספק נישט, אַז די יידישע און אַראַבישע בור־זשואַזיע, אַ דאַנק די געשאַפענע היסטאָרישע באַדינגונגען אין פּאַלעסטינע, וועלן תמיד בעסער זוכן אַ וועג צום געמיינ־זאַמען הערשן און עקספּלואַטירן, איידער שטעלן אין קאָן די אייגענע פּאָזיציעס, דורך קעגנזייטיקן קאַמף.

## 11. אינטעליגענץ

עס פעלן נישט אין פּאַלעסטינע אויך אינטעלעקטועלע און גייסטיקע אַרבעטער: לערער, שרייבער, זשורנאַליסטן, אַדוואָ־קאַטן, אַדמיניסטראַטאָרן, טעכנישע לייטער, דאָקטוירים א.אַ.וו. אָדער ווי מען רופט עס מיטן אַלגעמיינעם נאָמען — אינטעלי־גענץ. קיין זעלבסטשטענדיקער פּאָליטישער פאַקטאָר איז די אינטע־ליגענץ נישט. זי באַדינט אַנדערע און געוויינלעך באַדינט זי יענע, וועלכע זיכערן איר אַ בעסערן לעבן, ד. ה. די בורזשו־אַזיע. איר כח איז אין מויל, אין וואָרט, אין פעדער, אין „גייסטיקן" פּראָדוציר־מיטל און דעריבער ווערט זי דער אידעאָ־לאָגישער אָנשפּאַר פון דער „נאַציאָנאַלער" בורזשואַזיע, איר

„געזעלשאַפטלעכע" מיינונג. אָט די אינטעליגענץ ליפערט טאָקע דעם הויפּט-רעזערוו פון נאַציאָנאַלן שאָוויניזם און אַגרעסיווע (אָנפאַלנדע) אויפגעבלאָזנקייט.

זשאַבאָטינסקי, „גדוד מגיני השפה", „אַגודת הסופרים העברים" (פאַריין פון העברעיִשע שרייבער) „זכותנו" (אונזער רעכט — אַ רעוויזיאָניסטישע יורידישע קאָנסולטאַציע ביוראָ) א.אַ.וו. פון איין זייט און דער מוסולמענישער „יוגנט בונד", „קריסטלעך אַראַבישער יוגנט - בונד". „אַראַבישע אַדוואָקאַטן פאַראייניקונג" א. אַ. וו. — זיי אַלע, ווער מער ראַפינירט ווער וויניקער, האָבן איין ציל — מאַכן אייניק און „נאַציאָנאַל באַוווסטזיניק" דאָס אַראַבישע און יידישע פאָלק.

אָט דער שטענדיקער קוועטש אויפן נאַציאָנאַלן מאָמענט מאַכט דעם רוב פון דער אינטעליגענץ ביי ביידן, ביי יידן און אַראַבער אין פאַלעסטינע, פאַר דעם סאַמע אוּנטאָלערא נטן שיכט. אמת, עקאָנאָמיש שטויסן זיך נאָר דערווייל נישט צונויף זייערע אינטערעסן, ווייל ביידע ווירקן און אַרבעטן אין „גייס-טיקן" סעקטאָר, וואָס איז אָביעקטיוו מער נאַציאָנאַל באַפאַרבט (שפּראַך, סביבה). ס'איז אָבער קיין ספק נישט, אַז מיט דער ווייטערדיקער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנסאָלידאַציע פון דער בור-זשואַזיע אין פאַלעסטינע, וועט אין אַ ריי צווייגן קומען צו אַ קאָנקורענץ צווישן זייערע באַדינער — די אינטעליגענץ. שוין איצטער ווייזט זיך עס אַרויס ביי דעם געיעג נאָך רעגירונגס-פּאָסטן.

אָט פּאַרוואָס דער פּרוּוו „ברית שלום" פון (אַ גרופּע יידישע אינטעליגענץ, ראַדיקאַל-פּאַציפיסטיש געשטימט) צו פאַרשטענדיקן זיך מיט דער אַראַבישער אינטעליגענץ איז נישט געלונגען. די באַציונגען פון דער יידיש-אַראַבישער אינטעליגענץ וועלן זיך אין גרונד ענדערן נאָר דאַן, ווען די אויסגעוואַקסענע

פּאָליטישע קראַפט און געזעלשאַפטלעכע באַדייטונג פון דעם פּראָלעטאַריאַט אין פּאַלעסטינע וועלן ווערן אַ צוציונגס־כח פאַר דער אינטעליגענץ, ווען אָנשטאָט צו דינען דעם נאַציאָנאַליס־טישן אידעאַל פונם בירגערטום, וואָס צעשיידט, וועט זי באַהעפטן זיך מיט דעם סאָציאַליסטישן פאַראייניקונגס־אי־דעאַל פונם פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז דער אמתער טרעגער פון נאַציאָנאַלן לעבן.

## 12. אויפן פּראָלעטאַרישן פראָנט

די יידישע איינוואַנדערונג האָט אַריינגעבראַכט טויזנטער אַרבעטער און האָט פאַרלייגט אַ פעסטע קאַפּיטאַליסטישע באַזע אין לאַנד. ווי האָט זיך עס אָפּגערופן אויף דער לאַגע פון די אַראַבישע אַרבעטער? האָט עס זיי אַרויסגעשטופּט פון דער אַרבעט, האָט עס פאַרערגערט זייערע אַרבעטס־באַדינגונגען, אין פאַרגלייך מיט פריער, אָפּגעשוואַכט זייערע פּאָזיציעס? קיינער טאָר זיך נישט אַרויסדרייען פון דער פראַגע און אָפּקומען מיט מליצה און שיינע ווערטער.

ס'איז נאָך עד היום נישטאָ קיין סטאַטיסטיק וועגן דער גענויער צאָל אַראַבישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע.

דערפאַר זענען אָבער פאַראַן מער וויינקער גענויע ידיעות וועגן דעם צושטאַנד פון דעם אַרבעטס־מאַרק אין פּאַלעסטינע און וועגן דעם אָנטייל פונם אַראַבישן און יידישן אַרבעטער אויפן מאַרק.

דער אַראַבישער אַרבעטס־מאַרק איז אין רעזולטאַט פון דער יידישער איינוואַנדערונג נישט קלענער, נאָר פיל גרע־סער געוואָרן, סיי אין בוי, סיי אין דער אינדוסטריע, סיי אין דאָרף. חיפה, יפו, ירושלים, רמלה, ראַמאַללה, נצרת, שכם האַלטן

אין כסדר בויען זיך. דער אראַבישער אַרבעטער איז, נאַטירלעך, דאָרט די הויפּט־אַרבעטס־קראַפט, הגם ביסלעכווייז זאַפּט דער אַראַבישער מאַרק אַריין אויך יידישע, באַזונדערס קוואַליפיצירטע ארבעטער. די יידישע איינוואַנדערונג האָט אָבער חוץ דעם געעפנט נייע ארבעטס־מעגלעכקייטן פאַרן אראַבישן אַרבעטער. אין „נשר" אין עכו, ביי רוטענבערן, אין די קאָלאָניעס אַרבעטן טויזנטער אַראַבישע אַרבעטער.

פון וואַנען האָבן זיי זיך גענומען און ווו זענען זיי פריער געווען? דאָ ווייזט זיך אַרויס די צווייטע ווירקונג פונם קאַפּיטאַליזם אויפן דאָרף. אויב אַ טייל פון דעם אראַבישן פויערטום האָט סטאַביליזירט זיין ווירטשאַפט, אַ דאַנק דער גרויסער נאָכפראַגע פונם אויסגעברייטערטן יידישן פאַרבראַוכס־מאַרק אויף לאַנדווירטשאַפטלעכע פראָדוקטן, קומט גלייכצייטיק פאַר אויך אַ באַשטימטע פּראָלעטאַריזאַציע פון פויערשע קאַדרען. דער יידישער פּראָדוציר־מאַרק האָט צוגעצויגן אַ סך אַרבעטס־הענט, וואָס האָבן זיך פריער בלית ברירה גע־פּאָרעט אין שרעקלעכער דחקות אין דאָרף און האָבן איצטער געפינען פאַר זיך אַן ארבעטס־פּלאַץ אין שטאָט, אָדער אין דער יידישער פּלאַנטאַציע־ווירטשאַפט.

אַן ענדערונג איז פאָרגעקומען אויך אין די ארבעטס־באַדינגונגען. דער יידישער קאַפּיטאַליזם, אזוי גוט ווי יעדער אַנדערער „נאַציאָנאַלער" קאַפּיטאַליזם ווייס איין גאָט: דעם גאָט פון פּראָפיט, פון קעשענע אינטערעס. אלע הוילע פראַזן וועגן „נאַ־ציאָנאַלן אויפבוי" זענען גוט בלויז דאַן, ווען עס לוינט זיך צו בויען; און צוליב דעם „כותל מערבי" אָדער „מוטער רחלס קבר" האָט נאָך קיין איין אונטערנעמער נישט אריינגעלייגט קיין קאַפּיטאַל. אפילו זשאַבאָטינסקי אין זיין באַוווסטן „אני מאמין" אַרטיקל וועגן נאַציאָנאַלע דיסציפּלין ווייס עס. פּראָפיט פּאַלט

אָבער נישט פון הימל, נאָר ווערט אויסגעפּרעסט פון עקספּלואַ־
טאַציע. די יידישע אַרבעטער-איינוואַנדערונג מיט איר העכערן
לעבנס-מינימום און פאָדערונגען, דורך איר אָרגאַניזירטקייט האָט
אָבער לכתחילה געצוווּנגען די יידישע אינדוסטריע איינצאָמען
איר אומבאַגרענעצטן עקספּלואַטאַציע חשק. ס׳איז איינגעשטעלט
געוואָרן אַ באַשטימטער לוין-מינימום, אַן 8 שעהדיקער אַרבעטס־
טאָג, אַ געוויסער קאָנטראָל אויף די אַרבעטס-באַדינגונגען.

אמת, די אונטערנעמער פירן טאָקע אַ העפטיקן קאַמף קעגן
אָט דעם „אַרבעטער-גוואַלט-טאַט", אמת, די היינטיקע פירער פון
דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין פּאַלעסטינע קענען דערציילן
נישט איין טרויעריקע געשיכטע וועגן זייער נאָכגעבן די אונטער־
נעמער און באַלעבאַטים, וועגן מפּלות, צו וועלכע זיי האָבן אַליין
דערפירט און צוגעבראַכט. אָבער, יעדנפאַלס, איז שוין די פראַגע
פון אַרבעטס-באַדינגונגען אַן ענין פון שטענדיקן קאַמף — און
נישט פון דעם אונטערנעמערס „חסד" און פרייע הפקרות. דער
אַראַבישער אַרבעטער, איז נאָך אַדאַנק דעם סאַבאָטאַזש פון די
הסתדרות-פירער נישט אַריינגעצויגן געוואָרן אין די שורות פון
דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט און דעריבער פרוווט נאָך די
יידישע בורזשואַזיע, באַזונדערס אין דאָרף, אַרויספּאָרן אויף אים.
אָבער אויך דאָ איז די יידישע בורזשואַזיע געצוווּנגען צו באַ־
גרענעצן אירע אַפּעטיטן און נישט צו שאַרף אָנציען די סטרונע,
כדי נישט צו רייסן די אויגן פונם אַראַבישן אַרבעטער מיט דער
דיפערענץ צווישן אים און דעם יידישן. אין דער צייט, ווען אין
דער אַראַבישער, פּריצישער ווירטשאַפט אַרבעט מען נאָך
פון „זונען-אויפגאַנג ביז זונען-אונטערגאַנג" (מן שמש לי שמש)
און דער אַרבעטס-לוין איז פון 6–9 גרוש אַ טאָג, איז אין די
יידישע קאָלאָניעס דער אַרבעטס-טאָג 9–10 שעה און דער אַר־
בעטס-לוין 10–14 גרוש (ביי דעם יידישן אַרבעטער 17½ גרוש).

אין די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען איז דער אונטערשיד נאָך גרעסער. נישט אומזיסט באַרימט זיך די אַראַבישע פרומע צייטונג „ציראַט אַל מוסטאַקים״ (דער וועג פון גערעכטיקייט), אַז „דער אַראַבישער אַרבעטער האָט פאַר זיך אַ גלענצנדע צוקונפט: זיין פאַרדינסט שטייגט נישט איבער דעם נאַטירלעכן גרענעץ״.

די יידישע אַרבעטער-איינוואַנדערונג האָט אָבער נישט בלויז געעפנט נייע אַרבעטס-מעגלעכקייטן פאַרן אַראַבישן אַרבעטער און עקאָנאָמיש בעסער געשטעלט אים. וויכטיקער פון אַלץ איז די ברייטע סאָציאַלע און פּאָליטישע האָרי-זאָנטן, וועלכע זי האָט געעפנט פאַר אים. צום ערשטן מאָל האָט דער אַראַבישער אַרבעטער דערפילט די באַדייטונג פון אַ קלאַסן-אָרגאַניזאַציע און דערשמעקט דעם פולווער פון קלאַסן-קאַמף. די פריערדיקע הכנעה און בויגן זיך פאַר יעדן באַלע-באַטישן קנעפל, טרעט אַלץ מער אָפּ דעם פּלאַץ דער געשטייגערטער אַקטיוויטעט, געזעלשאַפטלעכער רייפקייט און קלאַסן-באַוווסטזיין. דער אַראַבישער אַרבעטער טרעט אַלץ עפטער אַרויס פון זיינע באַשרענקטע ד׳ אמות און ווערט אַ פאַקטאָר, אַ כוח. מיט אים הויבט זיך שוין אָן צאַצקען, פול פחד, די אַראַבישע בורזשואזיע, און גלייכצייטיק באַקעמפט זי אים האַסטיק פאַר זיין „חברן זיך מיטן יידישן אַרבעטער, וואָס ברענגט נוצן בלויז דעם ציוניזם״ (צות אל חוק״, אַן אַראַבישע ליבעראַלע צייטונג). אַראַבישע אַרבעטער נעמען אָנטייל אין שטרייקן („נור״, „נשר״ אין חיפה יאָר 1926, ירושלים יאָר 1928), אין דעמאָנסטראַציעס פון פועלי-ציון דעם 1-טן מאַי, אין נאָוועמבער-פייערונגען (תל-אביב, חיפה, פתח-תקוה, נצרת, עפולה) א. א. וו. די אַראַבישע אַרבעטער ווערן אויסגעמישט מיט די יידישע ביי די רעגירונגס-אַרבעטן, פלאָגן און פייניקן זיך אין די זעלבע אַרבעטס-באַדינגונגען. און עס ווערט אַלץ קלאָרער און בולטער דער צווייענדיקער אמת, — אַז די נישט

אָרגאַניזירטקייט און ביליקייט פון דער אַראַבישער אַרבעטס־קראַפט איז אַ ק ל ל ה פאַרן י י ד י ש ן אַרבעטער, איז אַ געפאַר פאַר די יידישע אַרבעטס־און קאַמפּס־פּאָזיציעס. פונקט ווי די יידישע אַרבעטער איינוואַנדערונג מיט אירע אָרגאַניזאַציע־פעיקייטן, הויכע קולטורעלע מדרגה. געזעלשאַפטלעכער חשיבות און קאַמפּס־שטרעבונגען איז אַ ב ר כ ה פאַרן אַראַבישן אַרבעטער. ביידע זענען בלוטיק פאַראינטערעסירט איינער אין דעם אַנדערן, ביידע קענען אויפגעריכט ווערן בלויז דאַן, ווען זיי וועלן לעבן אין איינע און דיזעלבע באַדינגונגען, ביידע האָבן קעגן זיך דיזעלבע שונאים — די אַלע, וועלכע לעבן פון עקספּלואַטאַציע און פון אונטערדריקונג און ביידע האָבן איין און דעמזעלבן אידעאַל — דעם סאָציאַלן באַפרייונגס־אידעאַל.

און וואָס מעכטיקער און ברייטער עס וואַקסט די אַרבעטערן באַוועגונג אין לאַנד, וואָס נענטער עס ווערן צווישן זיך די פאַרשידענע חלקים פון דער אַרבעטער באַוועגונג, אַלץ אומרואיקער און געשפּאַנטער ווערט די שנאה און האַס פון דעם קעגנערפּ אָנט, אַלץ העפטיקער ברעכן אויס די קלאַסן־קאָנפליקטן און אַלץ אָפטער ווערן די פּרובן צו פאַראַליזירן די אַרבעטער־סכנה דורך פאַנאַנדערפלאַקערן אין לאַנד דעם פייער פון נאַציאָנאַל סעפּאַראַטיזם און שאָוויניסטישע העצע.

ווי נאָר אין הסתדרות פּרוווט מען אָנהויבן רעדן וועגן „ארגון משתף" (געמיינזאַמע ארגאַניזירונג), גלייך הויבט זיך אָן אַ ווילדע העצע אין די בירגערלעכע צייטונגען אין „הארץ" און „דאַר היום". יידישע באַאַמטע פון תל אביבער שטאָט ראַט האָבן זיך באַטייליקט אין אַ גלעזל־טיי־באַראַטונג מיט די אַראַבישע באַאַמטע פון ירושלימער און חיפהר שטאָט־ראַט—איז געווען ממש „הימל עפן זיך."

אַראַבישע אַרבעטער האָבן זיך באַטייליקט אין אַ בעקער

שטרייק אין ירושלים — האָט זיך געטאָן חושך אין דער אַראַבי־
שער בירגערלעך־פּעאָדאַלער גאַס. מען האָט די אַרבעטער ארויס־
געוואָרפן אין דרויסן, בעסער זאָלן זיי אויסציען די פיס פאַר
הונגער, איידער „באָלשעוויקעס, יידישע חברים״ אַרויפלאָזן אויפן
שוועל.

25 אַראַבישע אַרבעטער האָט מען דורכגעטריבן פון אַראַ־
בישער „אַרבעטער״ פאַריין אין יפו, וועלכער איז געווען אָרגאַ־
ניזירט ספּעציעל פון די אונטערנעמער. אין חיפה, ווו עס איז
געווען באַזונדער שטאַרק די אָפּטיילונג פונם אינטערנאַציאָנאַלן
אייזנבאַן־פאַריין, האָט דער מוסו״מענישער קלער מיט דער הילף
פון דער רעגירונג (און אגב, מיט דעם אָפענעם הכשר פון פּ.ק.פּ.)
געשאַפן אַ „פּאַלעסטינער אַראַבישער אַרבעטער אָרגאַניזאַציע״,
כּדי צוברעכן דעם אינטערנאַציאָנאַלן אייזנבאַן־פאַריין. אין די
אַראַבישע צייטונג „כּרמל״ האָט געקוואָלן און גערופן גלייך „צו
אָרגאַניזירן די אַראַבישע אַרבעטס־געבער, אונטערנעמער און הענט־
ווערקער און פאַרבינדן אָרגאַניש ביידע אָרגאַניזאַציעס״.

עס וואָלט צו לאַנג פאַרנומען אויסרעכענען אַלע שמד־
שטיק פון ביידע עקספּלואַטאַטאָרישע גרופּן, די יידישע און אַראַ־
בישע, אַבי צו לעשן דאָס פייער פון קלאַסן קאַמף און שטערן די
בשותּפותדיקע אָרגאַניזירונג פון די יידישע און אַראַבישע אַרבע־
טער. און דאָך, נישט געקוקט אויף דעם אַלעמען האָט דער אייזערנער
דראַנג פון לעבן נישט איינמאָל צונישט געמאַכט די פּרוּוון. אין יפו
האָבן די אַראַבישע און יידישע פורמאַנעס צוזאַמען געפירט
אַן אַקציע, דאָס זעלבע אין דער שוועבעלעך פאַבריק „נור״, דאָס
זעלבע אין ירושלים ביי די בעקער, ביי די שניידער אין חיפה
א. א. וו.

אין דער אָנגעלאָדענער אַטמאָספער פון סאָציאַלן קאַמף
האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט דער ענגלישער אימפּעריאַליזם.

# די ראָל פון דער ענגלישער אָקופּאַציע־מאַכט.

פּלענער און פּראָיעקטן, דיפּלאָמאַטישע קאָמבינאַציעס און פּאָליטישע חשבונות זענען טאַקע זייער אַ גוטע זאַך, ווען זיי וואָלטן נישט געהאַט איין „קליינינקן" חסרון: זיי ווערן אָפּט גע. מאַכט אָן דעם אמתן באַלעבאָס. דער ענגלישער אימפּעריאַליזם האָט אויסגערעכנט נישט שלעכט: היות, ווי די יידישע עמיגראַציע שפּאַרט קיין פּאַלעסטינע, דאַרף מען נעמען זי אין די הענט און אויסנוצן פאַר זיך, זיכערן זיך מיט אַ רעזערוו קעגן די אַראַ־בער אויפן ברעג פון מיטללענדישן ים, וווּ עס ליגט דער שליסל צום סועץ־קאַנאַל און דער וועג קיין אינדיען. פּונקט אַזוי האָט זי געמאַכט דעם אַראַבישן חשבון בעת דעם וועלט־קריג: אַראַבער זענען אומצופרידן מיט טערקיי, — טאָ זאָל אָט די אַראַבישע באַוועגונג שטאַרקן און פעסטיקן ענגלאַנד אין נאָענטן מזרח.

אַזוי האָבן דערזען די ליכטיקע וועלט צוויי באַר׳מטע דאָ־קומענטן: די באַלפור־דעקלאַראַציע, וואָס זאָגט צו אַ „נאַציאָנאַלן היים" די יידן און די דעקלאַראַציע וועגן דער פּראָקלאַמירונג פון אַן אַראַבישער מלוכה מיטן קעניג הוסיין בן־אש. נישט די יידישע איינוואַנדערונג קיין פּאַלעסטינע און נישט די אַראַבישע באַוועגונג זענען, נאַטירלעך, נישט אויסגעפּלאַנעוועט געוואָרן פון ענגלאַנד. אויסגעפּלאַנעוועט איז נאָר געוואָרן דער חשבון, ווי אויסצונוצן אָט די באַוועגונגען. אוודאי, דער פּראַק־טישער בונד, וועט קיינמאָל נישט פאַרשטיין דעם „ווילדן" חילוק צווישן די צוויי זאַכן. ער ווייסט, אַז מען קען מאַכן קולטור־אַמטן און מערהייטן אין די פאַריינען, ווייסט ער, אַז ענגלאַנד קען מאַכן אַ יידישע איינוואַנדערונג. (וועגן די אַראַבער מאַכט ער אַ קלוגן שווייג). פאַרשטיין אָביעקטיווע פּראָצעסן איז נישט

קיין בונדישער פאַך, פונקט ווי באַהערשן זיי איז אפילו דער ענגלישער אימפּעריאַליזם נישט בכח.

פון די „פרייהייטס״-דעקלאַראַציעס האָט זיך אויסגעלאָזן אַ טייך. אָבער די ענגלישע אויסרעכנונג מיט דער יידישער איינוואַנדערונג, האָבן אויך געהאַט אַ מיאוסן סוף. אַוודאי, די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך צוגעקלעפּט, ווי אַ טרייער שאָטן צו דעם ענגלישן קאָלאָניאַל-מיניסטעריום, אָבער די פרוכטן פון דעך יידישער איינוואַנדערונג האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר גאַנץ ביטער. די אָקופּאַציע-מאַכט האָט אין עצם נאָך קיין איין רויקע מינוט נישט געהאַט אין פאַלעסטינע. וואָס מער זי האָט זיך באַמיט צו מאַנעווורירן „נייטראַל״ צווישן דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע – די פאַרטרעטערין פונם יידישן „פאָלק״ – און דער פעאָדאַלער אַראַבישער עקזעקוטיווע – די „רעפּרעזענטאַנץ״ פונם אַראַבישן פאָלק, – און שלאָגן פאַר זיך קאַפּיטאַל פון זייער ביידנס צאַנקערייַ – אַלץ מער האָט זי זיך פאַרפלאָנטערט און קאָמפּראָמיטירט ביי דער גאַנצער באַפעלקערונג. דאָס ערגסטע פאַר איר איז אָבער געווען-דער נייער פּרצוף, וואָס דאָס גאַנצע לאַנד האָט באַקומען מיט דעם שטראָם פון דער יידישער איינוואַנדערונג: ווי אַ בייזער גייסט פון אומרו און אומצופרידנקייט איז אַריין אין די פאַרשידנסטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. די אויסגעוואַקסענע יידישע אינדוסטריע איז געקומען מיט אירע פּרעטענזיעס, די אויפגעוועקטע פעלאַכן האָבן אָנגעהויבן רודערן קעגן די פּריצים, די אויפגעקומענע אינטעליגענץ האָט אָנגעהויבן שטורמעווען די אַדמיניסטראַציע, הלמאי זי פּראָטעזשירט די ענגלישע באַאַמטע און באַוואָלט די „וואַטאַנער״ – די דאָ-געבוירענע אָדער די יידישע.

ועל כלם – אַ שאַרפער מעטאַל-קלאַנג פונם אַרבעטער-קאַמף, פון כסדרדיקע קלאַסן-סכסוכים, פון שטרייקן, דעמאָנ-

סטראַציעס, פון אָנגרייפן דעם פּאָליציי-רעזשים, פון פאָדערן רעכט אויף ארבעט און ברויט און אויף זעלבסטפאַרוואַלטונג פון דער באַפעלקערונג.

אין קאַמף קעגן אָט דעם סאָציאַלן אויפברויז האָט דער ענגלישער אימפּעריאַליזם אַרויסגערוקט דעם אַלטן אויסגעפּרוּווטן מיטל פון נאַציאָנאַלער צושיידונג, און פאַרלוירן דעם חשק צו לאַווירן שטענדיק, צו טאַנצן תמיד אויף צוויי חתונות. די פעאָדאַלע כנופיא, וועלכע איז, פּונקט ווי ער, בלוטיק פאַראינטערעסירט צו „איינשטילן" פאַר יעדן פּרייז דעם שטורם — איז געוואָרן זיין אָפענער הויפּט-אָנשפּאַר. ביי יעדער געלעגנהייט האָט מען געהייצט און געשטאָכן די אויגן דער יידישער באַפעלקערונג, געוועקט פון איין זייט קנאה און האַס, פון דער צווייטער זייט שנאה און איבערצייגונג, אַז אַלץ איז דערלויבט: די רעגירונג איז „מיט אונז".

יעדע דורך געזעלשאַפטלעכן דרוק אין קאַמף אויסגעפּרעסטע הנחה פאַר דער יידישער איינוואַנדערונג אָדער באַפעלקערונג האָט די מאַכט קאָמפּענסירט מיט אַ ריי פּריווילעגיעס און קאָנצעסיעס די פעאָדאַלן.

די אַראַבישע און יידישע מאַסן האָבן זיך געפּלאָגט אין פּיין און הונגער, אָבער די הוסיינים, נאַשאַשיביס א. א. האָבן באַקומען פעטע ביסנס אין די שטאָט-פאַרוואַלטונגען, ביי דער רעגירונג און געוואַרימט זיך ביים שמאַלץ-טאָפּ פון דעם מוסולמענישן אויבער-ראַט. די אַראַבישע און יידישע פּויערים האָבן זיך געראַנגלט מיט דער טריקעניש פאַראַיאָרן, יידישע אַרבעטער האָבן זיך געפּייניקט אין שווערן קריזיס, אָבער צענטליקער טויזנטער פונטן זענען פאַרשווענדט געוואָרן אויף פּאָליציי און תפיסות.

מיט דער גרעסטער ברוטאַליטעט זענען אונטערדריקט גע-

וואָרן שטרייקן און אַרבעטער־קאָנפליקטן. איבעראַל און אומעטום האָט זיך די רעגירונג באַמיט צו שאַפן אַ טיפע גרענעץ־ליניע צווישן יידן און אראבער.

נישט געקוקט אויף אַלע שיקאַנעס און שטערונגען האָט די יידישע איינוואנדערונג זיך דאָך געפעסטיקט אין לאַנד, די יידישע און אַראַבישע מאַסן האָבן זיך דאָך איינגעלעבט און שוואַך רעאַגירט אויף די פּראָוואָקאַציעס. די אַרבעטער פון ביידע פעלקער האָבן געזוכט דעם וועג פון געמיינזאמען קאַמף, יידי־שע און אַראַבישע פויערים, ווי נישט זיי מיינט מען, האָבן אין ענגער שכנות באַגאַסן מיט שווייס די פעלדער, — דאַן איז געגעבן געוואָרן דער פּאַראָל אַרויסצופירן אויפן שלאַכט־פעלד די הימלישע אַרטילעריע.

דער כותל מערבי האָט אָנגעהויבן גליען און ברענען. דאָס, וואָס ס׳איז שוין אוממעגלעך געווען צו דערגרייכן דורך די רעאַלע, מאַטעריעלע אינטערעסן — ווייל זיי זענען גישט נאָר פאַרשידן ביי די ספּעציעלע גרופּן, נאָר טאַקע אין דער ערשטער ריי געווענדט מיטן שפּיץ קעגן די איניציאַטאָרן גופא — איז נאָך געווען מעגלעך מיט דער הילף פון „גייסט", פון רעלי־גיעזע אַרגומענטן.

מען האָט פונאנדערגעבונדן אַלע נאַציאָנאַל־שאָוויניסטישע, רעליגיעזע צוימען און פּלויטן. דאָס יידישע בירגערטום, תמיד גרייט אויפצונעמען דעם בת־קול פון „נאַציאָנאַלער" סכנה איז לייכט אַריינגעפאַלן אין אָט דער פּראָוואָקאַציע־נעץ און אַליין צוגעגאָסן בוים־אייל אין פייער. די פעאָדאַלן, נאָך דעם הילכיקן דורכפאַל מיט אַ טראַסק פון דעם לעצטן קאָנגרעס זייערן, זענען ממש אַרויס פון די כלים און אַרויסגערוקט פאָרויס די שווערע אַרטילעריע פון מוסולמענישן אויבער־ראַט.

די מינע איז פאַרלייגט געוואָרן, די אָקופּאַציע־מאַכט האָט

אַ צי־געגעבן דעם קנויט, און אַ בלוטיקער שטראָם האָט זיך צעגאָסן איבער פּאַלעסטינע.

## 14. וואָס וועט זיין ווייטער?

צעשראָקענע ציוניסטישע קליינבירגערלעכע נשמות, דער־שיטערט פון די געשעענישן, וועלן, נאַטירלעך, איצטער ביי די קברים פון די געפאַלענע אויפגעוואַרעמט ווערן מיט זייערע סימפּאַטיעס צו ארץ־ישראל און גלייכצייטיק מיט פּחד און האָפענונג אויסקוקן ווייטער אויף ענגלאַנד. ציוניסטישע פּאָליטי־קער וועלן ווידער שפּינען די שפּינוועבס פון נאַציאָנאַלער אַחדות ביים יידישן פאָלק. קאַפּלאַנסקי, פון די רעכטע פּועלי־ציון, טעלעגראַפירט שוין אויך, מען זאָל אָפּשטעלן די דעמאָנסטראַצ־יעס קעגן ענגלאַנד און וועט זיכער נישט וויניקער, ווי פריער רופן צו בויען אַ „סאָציאַליסטיש ארץ ישראל" מיט לואי מאַר־שאַלס און ווייצמאַנס הילף.

דער „בונד", וועלכער ווייסט „אַז אויב ענגלאַנד וויל נישט וועט גאָרנישט זיין" און אַז „מאַקדאָנאַלד איז אַ סאָציאַליסט, וואָס קען נישט אונטערדריקן די אַראַבער", רייבט זיך שוין די הענט פון נחת איבערן „חורבן ציוניזם". די פּעאָדאַלן האָפן, אַז נאָך אַזאַ בלוט־שמירעכץ וועלן זייערע רעדער גליטשן זיך גלאַטיק און פריי, און מיט דער יידישער אָנשיקעניש וועט איצטער נעמען אַ סוף.

מיר פּועלי־ציון, קענען נאָר באַוווּנדערן די תמימותדיקע קליין קעפּלדיקייט און אָפּטימיסטישע טעמפּקייט פון אָט דעם גאַנצן, קאָלירטן ערב רב. מיר ווייסן: דער היסטאָרישער רע־זולטאַט פון אָט דעם בלוטיקן שניט וועט זיין אַ ווייטערדיקע פאַרשאַרפונג אין נאָך נישט אַ געזעענעם פאַרנעם פון סאָ־

ציאַלן קאַמף און פּאַרטיפּונג פונם קלאַסן־באַוווסטזיין אין פּאַלעסטינע.

דער פעאָדאַליזם האָט אויסגעשאָסן זיין לעצטן פולווער: דעם רעליגיעזן, און איצטער וועט ער מוזן באַצאָלן דעם וועקסל. וואָס האָט דער קאַמף קעגן די יידן געגעבן די אָפּגעע נאַרטע אַראַבישע מאַסן? אומגעקומענע לעבנס, נישט ווייניק אינוואַלידן, אַ פאַרלוירענעם אויף אַ געוויסע צייט אַרבעטס־און קאָנסום־מאַרק, איבערגעריסענע פעדים פון האַנדלס־און געשעפט־באַציונגען, אַן אומגעהויערע פאַרשרויפונג פון דעם פּריצישן יאָך איבערן דאָרף, אַ געשטייגערטע עקספּלואַטאַציע פון דער אַרבעטס־קראַפט, אַן אומבאַגרענעצטע הערשאַפט פונם קלער, וואָס באַלעבאַטעוועט מיט ברייטע שטחים „וואַקוף"־באָדן (הקדש־באָדן) און „הייליקע געלטער", אַ פעאָדאַל־אימפּעריאַליס־טישער בייטש, וואָס וויל צוריקברענגען די „גוטע אַמאָליקע יאָרן" ווען דער עפענדי, דער שייך און דער מופטי האָבן געבילדעט דעם דריי־אייניקן מאַכט־אַפּאַראַט איבערן לעבן און טויט פון דער באַפעלקערונג.

גלויבט ווער עס איז אין דער מעגלעכקייט פון אַזאַ צו־שטאַנד? בפרט ווען דערנעבן וועט זיך ווייטער וועבן דאָס יידישע לעבן מיט איר פול־בלוטיקן סאָציאַלן געראַנגל אין מאָ־דערנע פאָרמען פון אַרבעט, קאַמף און קולטור. עס איז מער קיין מינדסטער ספק נישטאָ, אַז די קעגנזייטיקע אינטערעסן אינם אַראַבישן סעקטאָר, וואָס זענען אויף גיך צונויפגעשטוקע־וועט געוואָרן מיט דעם אויסגעמישטן בלוט פון די יידיש־אַראַבישע קרבנות, וועלן גאָר שנעל שטורמיש אַרויסשפּאַרן אין דרויסן און פאָדערן סאַטיספאַקציע, אַנטשעדיקונג.

דער פעאָדאַלער לאַגער מעג זיך שוין גרייטן צום „לעצטן אַנטשיידנעם קאַמף" פאַר זיין עקזיסטענץ. און ווען די אַראַ־

בישע אינדוסטריעלע און האנדלס-קרייזן, געטריבן פון זייערע אינטערעסן, וועלן זיך אפשר באַגנוגנען בלויז מיט אַ „נייטראַל-לאָיאַלן" קבלת־פּנים פאַר די ווידער-אָנגעקניפּטע יידיש־אַראַבישע באַציונגען, וועט די פּויערישע און אַרבעטער־מאַסע — מיט נאָך מער אימפּעט געשטויסן דורך אירע עקאָנאָמישע אינטערעסן און פּאָליטישע קאַמפּס-אויפגאַבן — אַ ק ט י וו אויפנעמען דעם לאָזונג פון פאַרשטאַרקטער יידישער איינוואַנדערונג.

די צווייי דערפאַרונגס פעריאָדן — מ י ט דעם יידישן ישוב און אָ פּ גע ש לאָ ס ן פון אים וועלן דינען אַלס היסטאָרישע א י ל ו ס ט ר אַ צ י ע-פּעריאָדן.

אויך דער יידישער סעקטאָר אין פּאַלעסטינע וועט דורכ-מאַכן נאָך אַלעמען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג. געוויס וועט דער ערשטער פּעריאָד אומגעהויער פאַרשאַרפן די שאָוויניסטישע שטי-מונג, די זשאַבאָטינסקי קאָנצעפּציע, די לעגיאָניסטישע טענדענצן, פּונקט ווי פריער, ניין, נאָך מיט מער קראַפט און פאַרביטערונג וועלן מיר, פּועלי-ציון, זיי באַקעמפן, ווייל מיר זענען איבער-צייגט, אַז אָט דער וועג — דער נאַציאָנאַלער-איזאָלירטער וועג — איז אַן אומגליק פאַר די יידישע אַרבעטער-מאַסן. פּראָפעסיאָנעל-עקאָנאָמיש איז עס אַ געוועער פאַר דעגראַדירן די אַרבעטס-באַדינגונגען לויט דעם רעוויזיאָניסטישן רעצעפּט פון „נאַציאָ-נאַלער דיסציפּלין", פאַר אויסליפערן די מאַסן אויפן גנאָד און בראָט פון די עקספּלואַטאַטאָרישע גרופּן, פּאָליטיש באַטייט עס די פאַנאַנדערבליונג פון פאַשיסטישע שפּראָצונגען, פון פאַר-וואַנדלען די יידישע אַרבעטערשאַפט אין אַ דעמאָראַליזירטן, צעשטויבטן צוגאָב צו דער יידישער בורזשואַזיע אין איר דינסט-אַרבעט פאַרן ענגלישן אימפּעריאַליזם, פון אויסשטעלן אויף שטענדיקער געפאַר די פאַרלייגטע יסודות פון דער טעריטאָריאַלער קאָנצענטראַציע אין פּאַלעסטינע.

דורכן הייגטיקן נעפל פון דער בלוטיקער כמאַרע שניידן זיך שוין איצטער אַרויס די מעכטיקע קעגן־טענדענץ קעגן דער סכנה. ווייל קיין שום „גייסטיקע" צוגרייטונג („הכשרה", ווי מען רופט עס ביי די ציוניסטן) איז נישט בכח אָפּצוווישן די קלאַסן־גרענעצן און סאָציאַלע אַנטאַגאָניזמען, וואָס טראָגן זיך מיט יעדן אָנגעקומענעם שיף איינוואַנדערער, וואָס ווערן איינגעמויערט און איינגעבויערט מיט יעדן ציגל און בעטאָן־מישונג פון אויפגעשטעלטע פּאָזיציעס אין פּאַלעסטינע.

פּונקט ווי דער פּאָגראָם אין יפו־ירושלים אין יאָר 1921, דער אָנפאַל אויף פּתח תקוה און די דעמאָלטיקע „שבועה" פון די קאָלאָניסטן, די געפאַלענע אין תל־חי, כפר גלעדי האָבן נישט ליקווידירט דעם „ביזנעס"־פּאַראַל פון דעם יידישן בירגערטום און זייער עקספּלואַטאַציע־חשק, — וועט זיך דאָסזעלבע איצטער איבערחזרן אויף אַ נאָך מער אויסגעברייטערטער באַזע. די בורזשואַזיע וועט פאַרלאַנגען „נאַציאָנאַלע קרבנות" לשם „בנין הארץ", די אַרבעטערשאַפט, אַפילו די געפירטע פון די פּשרות־פּאַרטייען, וועט פאָדערן „נאַציאָנאַלע קרבנות" פון דער בורזשואַזיע און דער רעזולטאַט — די פאַרשידענע „נאַציאָנאַלע" אויסטייטשונגען וועלן אומפאַרמיידלעך ברענגען צו סאָציאַלע איינטייטשונגען.

דער פראָנט פון קלאַסן־קאַמף וועט אויסגעברייטערט ווערן לענג אויס דעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן שטח.

און די ענגלישע אָקופּאַציע־מאַכט, און „מאַקדאָנאַלד דער סאָציאַליסט, וועלכער וויל נישט איינרייסן מיט די אַראַבער", ווי עס האָפט דער „בונד"? וואָס וועלן זיי איצטער זאָגן מכח דער יידישער איינוואַנדערונג?

מיר, פּועלי־ציון, זענען נישט אַזוי נאַיוו צו גלויבן, אַז די „אַרבעטער־רעגירונג" אין ענגלאַנד וועט זיך אָריענטירן אויף די קלאַסן־אינטערעסן פון די אַראַבישע אַרבעטער און פּויע־

רים, וועלכע זענען פארבונדן עקאנאמיש און פאליטיש מיט דער יידישער איינוואנדערונג, הגם דיזעלבע אַרבעטער קענען נאָך צייטנווייז געפירט ווערן דורך די עקספלואַטאַטאָרישע גרופן אין אַ קרייץ-צוג קעגן איר. מיר ווייסן, אַז אויך די „סאָציאַליסטן פון זיין מאַיעסטעט דעם קעניג דזשאָרדזש V" קענען אויסגע־צייכנט אָפּהיטן די אינטערעסן פונם בריטישן אימפּעריאַליזם און קרעפּטיקן זיין „בונד" מיט די פעאָדאַלן אויפן חשבון פון דער יידישער איינוואַנדערונג, אויפן חשבון פון פיין און ליידן פון די יידישע און אַראַבישע אַרבעטער-מאַסן.

מיר ווייסן אָבער נאָך איין „סוד", וועלכן דער „בונד"— דער פאַרבלאָנדזשעטער זון פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וועט מן-הסתם קיינמאָל נישט וויסן, אַז „אַ פערד אויף פיר פיס פאַלט אויך", אַז קיין שום אימפּעריאַליסטישע מאַכט האָט נישט געשלאָסן קיין קאָנטראַקט מיטן רבונו של עולם אויף אייביקייט, אַז אימפּער־יאַליסטישע פּלענער ווערן נישט בלויז צעקרישלט, נאָר אויך דיאַלעקטיש פאַרוואַנדלט אין זייער קעגנזאַץ.

וואָס שטאַרקער און מעכטיקער עס וועט זיך פאַנאַנדער־וויקלען דער סאָציאַלער קאַמף אין לאַנד—און אָט דער קאַמף שטייט בלי-ספק אויפן טאָג-אָרדנונג פונם מאָרגן—אַלץ האָפנונגס־לאָזער וועט ווערן די פּאָזיציע פון דעם אימפּעריאַליסטישן פאַר־בינדעטן — דעם פעאָדאַליזם, — אַלץ האַסטיקער וועט אונטערן דרוק פון די אַראַבישע און יידישע אַרבעטער און פויערים-מאַסן דורכגעבראָכן און צעלעכערט ווערן דער אימפּעריאַליסטישער פראָנט בכלל, און אויך אין דער פראַגע פון דער יידישער אַרבע־טער-איינוואַנדערונג בפרט.

אין אָט דעם קאַמף וועט זיך באַטייליקן נישט בלויז די פּאַלעסטינער אַרבעטערשאַפט, נאָר אויך די אַלוועלטלעכע ייד. אַר־בעטערשאַפט, דורך איר פּאָליטישן קאַמף אין אַלע לענדער קעגן

אימפעריאַליזם, דורך איר אומאויפהערלעכער אויפקלערונגס-אַר־בעט צווישן די אַרבעטער־מאַסן פון גאָר דער וועלט איבערן מהות און פּאָליטיק פון דער אָקופּאַציע־מאַכט אין פּאַלעסטינע און דורך איר פולער מאָראַלישער און מאַטעריעלער אונטער-שטיצונג, מיט מענטשן און מיטלען, דער פּאַלעסטינער אַרבע-טערשאַפט.

דער „בונד" פּרובירט איצט מזל און נעמט זיך צו אַטאַ-קירן פּועלי־ציון שוין פון אַ צווייטן פּראָנט, דעם „ענגלאָ-יידישן". „אַן אויפריכטיקער פּועלי-ציוניסט וויל טיף אין האַרצן נישט דאָס אָפּטראָגן זיך פון ענגלאַנד".

די מעשה איז אָבער, וואָס אויך היינטיקס מאָל, אין גע-יעג נאָך פּסיכאָלאָגישע באָמבעס קעגן פּועלי־ציון, איז דער „בונד" אַריינגעפאַלן ווי אַ יון אין סוכּה, צוליב אַ פּשוטן טעם: ער גלויבט, ווי אַ געוויינלעכער סאָציאַל־אימפּעריאַליסט, אַז אַ פעאָ-דאַלע רעגירונג אין דעם „אַראַבישן לאַנד — פּאַלעסטינע" איז אַ זעלבשטענדיקע רעגירונג, וואָס קען זיין פריי פונם אימ-פּעריאַליסטישן יאָך. נישט דער ביישפּיל פון איבן סאַוד אין העדזשאַס, נישט פון דעם „וואַפד" (אַ קליינבירגערלעכע, אַמאָל אַ ראַדיקאַל־רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי אין עגיפּטן) אין מצרים, נישט פון עמיר אַבדאַלאַ אין עבר הירדן, איז נישט בכּוח אים איבערצייגן, אַז פעאָדאַלע און אפילו בורזשואַזע „זעלבסט-שטענדיקע" רעגירונגען אין די קאָלאָניעס זענען פאַקטיש נישט מער, ווי עקספּאָזיטורן פונם אימפּעריאַליזם. דער פּועלי־ציוניסט האָט דעריבער נישט ליב קיין האַלבע אַרבעט: ער וויל, אַז נישט בלויז דער אימפּעריאַליזם, נאָר אויך זיין אַגענטור — די פעאָ-דאַלע רעאַקציע, — זאָל זיך אָפּטראָגן פון דער געזעלשאַפטלע־כער פלאַך.

אָבער נאָך אַלעמען איז עס נישט קיין פראַגע פון דעם,

וואָס דער אָדער יענער וויל. אַזוי רעדט נישט און אַזוי טראַכט נישט קיין פּאָליטישע פּאַרטיי, נאָר שלום עליכם׳ס כתריאליק בעת ער חלומט: „ווען איך בין ראָטשילד‟. און פאַר אַ פּאָלי־טישער פּאַרטיי איז קלאָר: דער ענגלישער אימפּעריאַליזם וועט זיך אָפּטראָגן פון פּאַלעסטינע, נישט ווען אויפגערייצטע פון רע־ליגיעזן האַשיש (אַן אויפרעגונגס־מיטל) אַראַבישע אָפּגענאַרטע מחנות וועלן מאָרדן און שעכטן יידישע פרויען און זקנים, נאָר ווען די שטורמישע כוואַליעס פון סאָציאַלן אַרבעטער־און פויע־רים־קאַמף וועלן אַראָפּשווענקען דעם פעאָדאַלן און עקספּלואַטאַ־טאָרישן לאַגער.

אוודאי איז אָט דער קאַמף נישט קיין לייכטער, אוודאי דערוואַרטן די רעוואָלוציע כוחות שווערע נסיונות. אָבער די פּאַ־לעסטינער ווירקלעכקייט, איבער אַלע מניעות און שטערונגען, נישט געקוקט אויף אַלע פּראָוואָקאַציעס און פּאַראַליזיר־כוחות, מאַרשירט עקשנותדיק און אומפאַרמיידלעך גראָד צו דעם ציל און אויף דעם וועג.

* * *

מיר קענען שוין איצטער קורץ רעזומירן דאָס ביזאַהער געזאָגטע און אָנצייכענען דעם קאַמפּס־פּראָגראַם פון דער אַ׳ אַנגאַרד־פּאַרטיי פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, פּועלי־ציון, און דער אַזוי גערופענער „יידיש־אַראַבישער פּראָבלעם‟.

די אין פלוג נאַציאָנאַלע פּראָבלעם דערשיינט אין ליכט פון דער ווירקלעכקייט, ביים ערשטן באַריר פונם מאַרק־סיסטישן אַנאַליז, אַלס אַ סאָציאַלע פּראָבלעם.

די פעאָדאַלע רעאַקציע איז טיף קעגנזעצלעך דער יידי־שער איינוואַנדערונג און איר איינוואָרצלען זיך אין פּאַלעסטינע.

די אַראַבישע בורזשואַזיע איז געבונדן מיט דער יידישער

עקאָנאָמיש און אָפּט מאָל אויך פּאָליטיש. זי לאַווירט דעריבער צווישן אַ „נייטראַלער-מהיכי־תּיתי"־פּאָליטיק בנוגע יידישע קאַפּיטאַליסטישע איינוואַנדערונגס-גרופּן, „וועלכע מעגן קומען — בהסכּם מיט דער אויפנאַמס-פּעיקייט פון לאַנד" („כּרמל") און שנאה צו דער יידישער אַ ר ב ע ט ע ר ־ איינוואַנדערונג, וואָס „פאַרדאַרבט" דעם אַראַבישן אַרבעטער און מאַכט־אָן סאָציאַלע מהומות אין לאַנד.

די אינטעליגענץ שפּייזט די נאַציאָנאַלע איזאָלאַציע, קוקט קרום איינע אויף דער אַנדערער, באַדינט אידעאָלאָגיש די בורזשואַזיע; אָבער מיט דעם וווקס און קראַפט פונם פּראָלעטאַריאַט ווערט זי געצווינגען צו דעם פּאָיינ קונגס־אידעאַל פון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט.

די אינטערעסן פונם אַראַבישן פויערטום און אַרבעטער פאַלן צונויף עקאָנאָמיש, פּאָליטיש און סאָציאַל מיט די אינטערעסן פון דער יידישער אַרבעטער-איינוואַנדערונג.

עס באַשטעטיקט זיך נאָכאַמאָל, שוין ביי גאָר אַנדערע היסטאָרישע באַדינגונגען, און ביי אַ סיטואַציע פון אַן אָנגעצונדענעם פייער פון נאַציאָנאַלן האַס, דער אומדערשיטערלעכער יסוד פונם באָראָכאָוויזם, אַז קלאַסן-קאַמף איז דער איינציקער וועג פונם פּראָלעטאַרישן פּאַלעסטיניזם און פון זיין פאַרווירקלעכונג.

ווער עס אָריענטירט זיך אויפן „גאַנצן פאָלק", יידישן, אָדער אַראַבישן, און מאַלט דערביי דורך דעם פּראַקטישן וועג פון „געמיינזאַמער נאַציאָנאַלער אַרבעט", מוז אוממפאַרמיידלעך האַלטן דעם קורס אויף דעם נ אַ צ י אָ נ אַ ל ן קאַמף, אויף דער שליטה פון די ה ע ר ש נ ד ע גרופּן, אויף די זיגזאַגן פּראָ אָקאַציעס פון דעם אימפּעריאַליסטישן רעזשים.

אונזער וועג, דער וועג פון פּועלי-ציון, איז פּונקט דער להיפּוכדיקער. אונזער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער באַפרייונגס-

קאַמף באַשטייט נישט פון צוויי באַזונדערע חשבונות, ס׳איז אָרגאַניש איינס און דאָס זעלבע.

די סאָציאַלע קאַמפן אין לאַנד זענען די איין און איינציקע גאַראַנטיע, אַז צום אויפשטייג קומען, און מוזן קומען די קלאַסן־כוחות אינם אַראַבישן פאָלק, וועלכע זענען אין לעבן און פיין, אין מפלות און נצחונות ענג פאַרבונדן מיט די קלאַסן־כוחות פונם יידישן אַרבעטער־פאָלק אין פּאַלעסטינע.

דאָס יידיש־אַראַבישע פּראָבלעם איז אַ פּראָבלעם, ווי אַזוי צו שמידן און בויען דעם פעסטן היסטאָרישן בונד פון יידישע און אַראַבישע אַרבעטער און פויערים־מאַסן.

---

אויף דער פּועלי־ציון פּאַרטיי איז געפאַלן די שווערע אחריות צו זיין דער באַן־ברעכער, דער פאָרקעמפער און אָרגאַניזאַטאָר פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־פראָנט אין פּאַלעסטינע. זי איז די איינציקע, וועלכע גיט דעם רעאַלן קלאַסן־שליסל צו פאַרשטיין, און דערפאַר אויך צו רעגולירן ראַדיקאַל די יידיש־אַראַבישע פּראָבלעם.

אָן פאַלשער באַשיידנקייט וואָלט מען געקענט זאָגן: וואָלט דער יאָרן־לאַנגער רוף פון דער פּאַרטיי צו שמידן דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַרישן ־ געאייניקטן פראָנט אויפגענומען געוואָרן פון דער הסתדרות, — וואָלטן מיר שוין איצטער אין אונזערע רייען געזען טויזנטער אַראַבישע אַרבעטער, טרייע קעמפער און פריינט, און ס׳וואָלט נישט געקומען צו די היינטיקע בלוטיקע אבלות־טעג.

„פּועלי ציון, זענען נישט פּראַקטיש" — האָט מען אונז פאַרשריגן תמיד, ווען מיר האָבן אָן אויפהער געוועקט און גערופן צו וואַכזאַמקייט פאַר אָט דעם פראָנט.

איצטער האָט מען באַצאָלט מיט הונדערטער יונגע, בליִ־
דע און העלדישע נפשות, מיט חורבות און בראַנד דעם חשבון
פון די „פראקטיקער".

זאָל עס זיין די לעצטע לערע פון בלוט.

די בלוטיקע געשעענישן אין פאַלעסטינע וועלן נאַטירלעך
נישט איבערהאַקן די רייף־געוואָרענע אַנטוויקלונג פונם נייעם
יידישן אַרבעטער־לעבן אינם דאָזיקן לאַנד. דורך אונטערציִנדן
קאָלאָנ־יעס און דורך אויסמאָרדן אומבאַוואָפנטע יידישע משפחות
אין די אַלטע ישובים פון ארץ־ישראל וועט זיכער נישט אומ־
געדרייט ווערן דער אָביעקטיווער גאַנג פון די יידישע מאַסן,
וועלכע שפּאַרן זיך אין אַלע עקן וועלט צו אומשיכטן און פראָ־
דוקטיוויזירן זייער לעבן, און וואָס אָט די שטרעבונג זייערע
קריגט איר שאַרפסטן און בלוטפולסטן אויסדרוק אינם קאַמף פאַרן
טעריטאָריאַלן יידישן אַרבעטס־צענטר אין פאַלעסטינע.

די בלוטיקע געשעענישן וועלן אָבער וואַרפן אַ העל ליכט
אויף די פּראָבלעמען פון סאָציאַלן קאַמף סיי אינם יידישן און
סיי אינם אַראַבישן לעבן, אויף וועלכע דאָס יידישע בירגערטום
און זיינע נאָכלויפער האָבן זיך נישט געוואָלט אומקוקן; זיי
וועלן איצט אויפדעקן אויף פאַר די ברייטסטע שיכטן פון די
יידישע מאַסן די כוונות און גענג פון דער אימפּעריאַליסטישער
אָקופּאַציע־מאַכט — און זייער פּאָליטישער אויסקלונג קאָן זיין
און מוז זיין –

מער פאַרשטענדניש פאַר דער אַנטשיידנדיקער ראָל און
באַדייטונג פון אַ יידישער אַרבעטער־איינוואַנדערונג אין פּאַלעסטינע.

אַן אויסגעהאַלטענע קלאַסן־באַוווסטזיניקע אַרבעטער־
פּאָליטיק, מיטן פּנים צו די אַראַבישע אַרבעטער און פויערים
און מיטן שאַרף קעגן יידישער און אַראַבישער בורזשואַזיע.

אַ מאָביליזאַציע פון יידישע אַרבעטער־כחות אין דער גאָרע

וועלט אונטער די פאָנען פון פועלי-ציון צו שטאַרקן און אויס-
ברייטערן די אַרבעטס און קאַמפס-פּאָזיציעס פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין פּאַלעסטינע און צו באַאיינפלוסן אים אין גייסט פון פּראָלעטאַרישער קלאַסן-סאָלידאַריטעט און אינטערנאַציאָנאַל-סאָציאַליזם.

אַזאַ — און נישט קיין אַנדערער — מוז זיין פאַר דער יידישער אַרבעטערשאַפט דער פּאָליטישער מוסר-השכל פון די בלוטיקע געשעענישן אין פּאַלעסטינע.

---